# בריוו
# פון דער לעצטער רוסישער קייזערין
## צו איר מאן ניקאלאי II

ISBN:0-657-12750-7




# בריוו
# פון דער לעצטער רוסישער קייזערין

## צו איר מאַן ניקאָלאַי II

ייִדיש: ש. פיין,

פאַרלאַג א. גיטלין, ווארשע

1 9 2 3

№ 1.

ליוואַדיע, 27־טן אַפּריל 1914.

מיין ליבער אוצר, מיין טייערער,

וועסט לייענען דידאָזיקע שורות, ווען דו וועסט זיך לייגן אין בעט אויף אַ פרעמדן אָרט, אין אַ אומבאַקאַנט הויז. גאָט זאָל געבן, אַז די נסיעה זאָל דיר זיין אָנגענעם, אינטערעסאַנט און זאָל דיר נישט צופיל פאַרמאַטערן און ס׳זאָל נישט זיין צופיל שטויב. איך בין אַזוי צופרידן, וואָס איך האָב אַ קאַרטע, כ׳קען יעדע שעה וויסן, וואו דו ביזט. איך וועל מיך שטאַרק נויטיקן אין דיר, אָבער איך פריי מיך פאַר דיר. צוויי טעג וועסטו דאָ נישט זיין, וועסט באַקומען נייע איינדרוקן און וועסט נישט דאַרפן הערן פון אַניעס[1] געשיכטעס. דאָס האַרץ טוט מיר וויי, ס׳איז מיר שווער: שוין־זשע ווערן תמיד אַזוי באַלוינט גוטס־קייט און ליבע? אַ פריער די שוואַרצע[2] משפחה און איצט זי... מען זאָגט תמיד, אַז ליבן איז נישטאָ געווג: דאָ האָבן מיר איר געגעבן אונזערע הערצער, אונזער היים, אַפּילו אונזער

---

[1] אַניע—א. א. ווירובאָוו, געבאָרן טאַניעיעוו, דער קייזערינס אַ פריינט און די נאָ־ענסטע פאַרערערין פון ראַספּוטינען.

[2] וואַרשיינלעך די „טשערנאָגאָריערינס" די פרויען פון די גרויספירשטן פּיאָטער און ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש.

פערזענליך לעבן, און וואָס האָבן מיר באַקומען דערפאַר? ס'איז שווער נישט צו פילן קיין פאַרביטערונג, אַזוי איז עס, דוכט מיר, גרויזאַם און אומגערעכט.

זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען און העלפן אונז. מיר איז אַזוי שווער אויפן האַרצן. איך בין פאַרצווייפלט, וואָס זי (אַניע) באַאומרואיקט דיך און רופט אַרויס אומאַנגענעמע שמועסן, וועל־כע לאָזן דיך נישט רוען. נו, באַמי זיך אין דידאָזיקע צוויי טעג אַלץ צו פאַרגעסן. איך בענטש און צלם דיך און האַלט דיך פעסט אין מיינע אָרעמס. איך קוש דיך, ווי גרויס דו ביזט, מיט אַן אומענדלעכער ליבע און צאַרטקייט. מאָרגן אינ־דערפרי, ניין אַ זייגער, וועל איך זיין אין צערקווע און דאָ־נערשטיק וועל איך פרובן ווייטער גיין. מיר העלפט, ווען איך בעט גאָט פאַר דיר דעמאָלט, ווען מיר זיינען צושיידט. איך קען מיך נישט צוגעוויינען אַפילו אַ קורצע צייט נישט צו האָבן דיך דאָ, אין שטוב, הגם מיט מיר זיינען אונזערע פינף אוצרות.

שלאָף גוט, זונעלע מיינס, טויזנט צאַרטע קושן פון דיין אַלט ווייבעלע.

גאָט וועט דיך בענטשן און באַשירעמען.

№ 2.

פעטערהאָף, 29 יוני 1914.

מיין ליבער,

ס'איז מיר זייער טרויעריק, וואָס איך האָב דיך נישט באַגלייט. נאָר מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ס'וועט זיין בעסער

צו בלייבן רואיק דאָ מיט די קינדערלעך. די נשמה און דאָס האַרץ זיינען תמיד מיט דיר. מיט צאַרטער ליבע און ליידנשאַפט רינגל איך דיך אַרום מיט מיינע תפילות. איך בין צופרידן דער־מיט, וואָס מאָרגן, ווי נאָר דו פאָרסט אַוועק, קען איך גלייך גיין צוד ער נאַכט־תפילה און אינדערפרי, ניין אַ זייגער, ווידער צו דער תפילה. מיטאָק וועל איך עסן מיט אַניען, מאַריען און אַנאַסטאַסיען[1]. און וועל פרי גיין שלאָפן. מאַריע באַראַטינסקי וועט עסן פרישטיק מיט אונז און וועט פאַרברענגען מיט מיר דעם לעצטן טאָג. איך האָף, אַז דו וועסט רואיק אַריבערפאָרן דעם ים און אַז די נסיעה וועט דיר זיין אָנגענעם און וועט דיר שיינקען מנוחה. דו נייטיקסט זיך אין איר זייער, ווייל דו האָסט אויסגעזען היינט זייער בלאַס.

דו וועסט מיר זייער שטאַרק אויספעלן, מיינער דו, טייע־רער. שלאָף גוט, מיין אוצר. מיין בעט וועט, צום באַדויערן, זיין אַזוי ליידיק.

איך בענטש און קוש דיך. זייער צאַרטע קושן פון דיין אַלט ווייבעלע.

№ 3.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 19 סעפּטעמבער 1914[2].

מיין טייערער, מיין ליבער,

איך בין אַזוי גליקלעך פאַר דיר, וואָס דו קענסט סוף כל סוף פאָרן, ווייל איך ווייס, ווי טיף דו האָסט געליטן די

[1] מאַריע און אַנאַסטאַסיע—טעכטער.

[2] דער ערשטער בריוו נאָכדעם ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה.

גאַנצע צייט. דיין אומרואיקער שלאָף האָט דאָס באַוויזן. איך האָב אומישנע נישט באַרירט דידאָזיקע פראַגע, ווייל איך האָב גוט געוואוסט און פאַרשטאַנען דיינע געפילן, אָבער אין דער־זעלבער צייט אויך פאַרשטאַנען, אַז ס'איז בעסער פאַר דיר, דו זאָלסט ערשט נישט שטיין בראש פון דער אַרמיי. דידאָזיקע נסיעה וועט זיין פאַר דיר אַ שטיקעלע טרייסט, און איך האָף, אַז דיר וועט זיך איינגעבן צו זען אַ סך מיליטער. איך שטעל מיר פאָר די שמחה זייערע, ווען זיי וועלן דיך דערזען און אויך דיינע אַלע געפילן, און איך באַדויער, וואָס איך קען נישט זיין מיט דיר און צוזען דאָס אַלץ. מער ווי אַן אַנדערש מאָל, איז מיר שווער זיך צו געזעגענען מיט דיר, מיין מלאך. די פּוסטקייט נאָך דיין אָפּפאָר לאָזט זיך אַזוי פילן, און איך ווייס, אַז אויך דיר, הגם דו וועסט זיין אַזוי באַשעפטיקט, וועט אויספעלן דיין קליינטשקע משפחה און דיין טייערער „אַגוניוש־קאַ". [1]) ער וועט זיך איצט גיך פאַרבעסערן אין געזונט, קוים האָט אים אונזער פריינט [2]) געזען, און דאָס וועט זיין פאַר דיר אַ גרויסע פאַרלייכטערונג.

ס'זאָלן נאָר זיין גוטע ידיעות, אַזוי לאַנג ווי דו ביזט נישטאָ. דאָס האַרץ באַגיסט זיך מיט בלוט ביי דעם איין געדאַנק, אַז דיר וועט אויסקומען איינזאַמקייט איבערצוטראָגן די שלעכטע ידיעות. דאָס אויספּאַסן די פאַרוואונדעטע—דאָס איז מיין טרייסט, אָט פאַרוואָס איך האָב אַפילו דעם לעצטן פרימאָרגן, אין דיין אויפנאַמצייט, געוואָלט אַוועקגיין אַהין, ווייל דאָרטן וואָלט איך זיך געהאַלטן מוטיק און זיך נישט פאַנאַנדערגעוויינט פאַר דיר. פאַרלייכטער כאָטש אַ ביסל זייערע יסורים—דאָס העלפט דעם צעווייטיקן האַרץ. אויסערדעם, וואָס מיר קומט אויס איבערצולעבן צוזאַמען מיט דיר און מיט אונזער טייער לאַנד און מיט אונזער פאָלק, לייד איך נאָך פאַר מיין „קליין אַלט הויז" און פאַר זיין חיל, און פאַר ערני און

[1]) דער טראָנירש.

[2]) ראַספּוטין.

אירינע ¹) און פאַר אַ סך פריינט, וואָס ליידן דאָרט צרות. נאָר וויפל גייט איצט דורך דורך דעם! און נאָכדעם אַלעם, וואָס פאַר אַ בזיון, וואָס פאַר אַ דערנידערונג צו טראַכטן, אַז דייטשן קענען זיך אַזוי אויפפירן, ווי זיי פירן זיך אויף! פון עגאָאיסטישן שטאַנדפונקט לייד איך זייער פון דערדאָזיקער צעשיידונג. מיר זיינען נישט געוואוינט דערצו, און איך האָב אַזוי אומענדלעך ליב מיין טייערן, ליבן אינגל. אָט איז שוין באַלד צוואַנציק יאָר, ווי איך געהער צו דיר, און ס'אַראַ נחת דאָס איז פאַר דיין קליינינטשקער ווייבעלע!

ווי גוט וועט עס זיין, ווען דו וועסט זען די טייערע אָלגע ²). דאָס וועט איר צוגעבן מוט און ס'וועט זיין גוט אויך פאַר דיר. איך וועל דיר געבן אַ בריוו און זאַכן פאַר די פאַר־וואונדעטע אויף איבערצוגעבן איר.

ליבסטער מיינער, מיינע טעלעגראַמעס קענען נישט זיין אַזעלכע הייסע, ווייל זיי גייען דורך אַזוי פיל מיליטערישע הענט, אָבער דו וועסט פון צווישן די שורות אַרויסלייענען מיין גאַנצע ליבע און בענקשאַפט נאָך דיר.

מיין ליבער, אויב דו וועסט זיך דערשפירן נישט אינ־גאַנצן געזונט, זאָלסטו אומבאַדינגט רופן פיאָדאָראָוון, ³) נישט וואָר, און קוק זיך צו צו פרעדעריקסן. ⁴)

מיינע פלייסיקע תפילות גייען דיר נאָך בייטאָג און ביי־נאַכט. זאָל דיך גאָט באַשיצן, זאָל ער דיך באַשירמען, לייטן און פירן און ברענגען אַ געזונטן און אַ שטאַרקן אַהיים.

איך בענטש און ליב דיך אַזוי, ווי זעלטן ווער עס איז אַמאָל געליבט געווען. איך קוש יעדעס טייערע ערטעלע דיינס

---

¹) דער פרינץ און די פרינצעסין פאָן־העסען, דער קייזערינס ברודער און שוועסטער.

²) דער קיסר'ס שוועסטער, אָלגע אַלעקסאַנדראָוונע, אַ פרוי פון פרינץ פון אַלבענבורגס.

³) לייב־כירורג.

⁴) הויף־מיניסטער.

און דריק דיך צאַרט צו מיין האַרץ. אויף אייביק דיינע, דיין אַלט ווייבעלע.

אַ הייליק בילד וועט ליגן די נאַכט ביי מיר אונטערן קישן, איידער איך וועל עס דיר אַוועקשיקן מיט מיין הייסער ברכה.

№ 4.

בזרסקאַיע סעלאָ, 26־טן סעפּטעמבער 1914.

מיין אייגענער, טייערער.

איך רו זיך אויס אין בעט פאַר מיטאָק. די מיידעלעך זיינען אַוועק אין קלויסטער און „בעבי" [1]) ענדיקט זיין מיטאָק. ווען נישט ווען נאָר האָט ער לייכטע וויטאָקן. אָ, דו ליבע מיינע, שווער געווען זיך צו געזעגענען מיט דיר און זען דיין איינזאַם בלייך פּנים מיט די גרויסע אומעטיקע אויגן אין פענס־טערל פון וואַגאָן. מיין האַרץ האָט געשרעדט: נעם מיך מיט מיט זיך. ס'וואָלט לכל הפחות געווען מיט דיר נ. פּ. ס. [2]) אָדער מאָרדוו [3]), ווען ס'וואָלט געווען נעבן דיר אַ יונג ליבנ־דיק פּנים, וואָלסטו זיך געפילט נישט אַזוי איינזאַם און ס'וואָלט דיר געווען „וואַרעמער". איך בין געקומען אַהיים און נישט אויסגעהאַלטן: זיך פאַנאַנדערגעוויינט, גאָט געבעטן און דערנאָך זיך אַוועקגעלייגט און געראַכערט, כדי זיך צו באַרואיקן. ווען

---

[1]) דער סראַנעוויטש.

[2]) נ. פּ. סאַבלין, אַ פלאָטאָפיציר פליגל־אַדיוטאַנט, קאָמאַנדיר פון דער קייזערליכער יאַכטע „שטאַנדאַרט".

[3]) מאָרדווינאָוו.

מיינע אויגן האָבן זיך אַ ביסל אויסגעלייטערט, בין איך אַוועק צו אַלעקסייען און בין אַ שטיקל צייט געלעגן אינדערפינסטער נעבן אים אויפן דיוואַן. דער אָפּרו האָט מיך באַרואיקט, ווייל איך בין געווען מיד אין אַלע הינזיכטן. אַ פערטל פינף בין איך אַראָפּגעגאַנגען, כדי צו זען לאַזאַרעוון און געבן אים אַ קליינע איקאָנע פאַרן פאָלק. איך האָב נישט געזאָגט, אַז דאָס איז פון דיר, ווייל דאַן וואָלסטו געמוזט געבן אַזוינע איקאָנעס אַלע ביי־פּאָרמירטע פאָלקן. די מיידעלעך האָבן געאַרבעט אין „שפּייכ־לער". האַלב פינף האָב איך מיט טאַטיאַנען אויפגענומען נייד־גאַרטענען[1]) וועגן די ענינים פון איר קאָמיטעט. די ערשטע זיצונג וועט זיין אין ווינטער־פּאַלאַץ מיטוואָך נאָך דער תּפילה. איך וועל ווידער קיין אָנטייל נישט נעמען. ס'איז אַ טרייסט צו זען ווי די מיידעלעך אַרבעטן אַליין. מען דערקענט זיי בעסער און זיי וועלן זיך אויסלערנען נוצלעך צו זיין. ביים טיי האָב איך געלייענט באַריכטן און דערנאָך האָב איך צולעצט באַקומען אַ בריוו פון וויקטאָריען[2]) דאַטירט פון 1־טן סעפּטעמבער. ער איז לאַנג געגאַנגען מיט אַ קוריער. איך שרייב איבער דאָס, וואָס קען דיך אינטערעסירן.

„מיר האָבן איבערגעלעבט אומרואיקע טעג אין דער צייט פון אָפּטרעטן פון די פאַרבינדעטע חילות אין פראַנקרייך. צווישן אונז זאָל דאָס בלייבן (וויבאַלד אַזוי, מיין ליבער, דערצייל נישט וועגן דעם): די פראַנצויזן האָבן פון אָנפאַנג איבערגעלאָזן די איינגלישע חילות אויסצושטיין דעם גאַנצן אָנגריף פון דער שטאַרקער דייטשער אַטאַקע, און ווען די איינגלישע חילות וואָלטן געווען ווייניקער איינגעשפּאַרט, וואָלטן נישט נאָר זיי, נאָר אַלע פראַנצויזישע קרעפטן פאַרניכטעט געוואָרן. איצטער האָט מען דאָס פאַרריכט. און צוויי פראַנצויזישע גענעראַלן, וועלכע זיינען אין דעם שולדיק געווען, האָט זשאָפר פאַרביטן מיט אַנ־דערע. איינער פון זיי האָט געהאַט אין זיין קעשענע זעקס נישט

[1] פאַרהאַלטער מיטן „טאַטיאַנישן קאָמיטעט.

[2]) איינגלישע קעניגן.

קיין געעפנטע בריוו פון איינגלישן הויפטקאָמאַנדיר פרענטש. דער צווייטער האָט אויפן רוף נאָך הילף - די גאַנצע צייט גע-ענטפערט, אַז זיינע פערד זיינען צופיל פאַרמאַטערט. דאָס איז שוין אַפילו „שיכטע", נאָר זי האָט אונז געקאָסט לעבן און פרייהייט פון אַ סך גוטע אָפיצירן און סאָלדאַטן. צום גליק, האָט זיך דאָס איינגעגעבן צו פאַרבאָרגן און דאָ ווייס מען מערסטנ-טיילס נישט, וועגן דעם, וואָס ס'איז געשען. 500.000 יונגע סאָל-דאַטן, וואָס ס'האָט זיך געפאָדערט, זיינען כמעט וווערבירט און איבן זיך גאַנצע טעג זייער פלייסיק. אַ סך פאָרשייער פון די העכערע קלאַסן זיינען אַריינגעטראָטן אין דער אַרמיי און גיבן אַ גוטן ביישפיל. מען רעדט וועגן ווערבירן נאָך 500.000, אַריינ-רעכענענדיק אין דעם די קאָנטיגענטן פון די קאָלאָניעס. איך קען נישט זאָגן, אַז דער פלאַן אַריינצופירן די אינדישע חילות אין איראָפּע, זאָל מיר שטאַרק געפעלן. אמת, דאָס זיינען אויס-געקליבענע פאָלקן. ווען זיי האָבן געדינט אין כינע און אין עגיפטן האָבן זיי זיך געהאַלטן זייער דיסציפּלינירט. אַזוי, אַז געניטע מענטשן האַלטן, אַז זיי וועלן זיך גוט אויפפירן: וועלן נישט באַגיין קיין רציחות און וועלן נישט ראַבעווען. אַלע הע-כערע אָפיצירן זיינען איינגלענדער. ערני, מאַגאַראַדזשאַ ביסקאַ-ניראַ קומט מיט זיין אייגענעם קאָנטינגענט. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען, ווען ער איז געווען צוגאַסט ביי ערני אין וואַלפסגאָרטן. דזשאָרדזשי [1]) האָט אונז אָנגעשריבן אַ באַריכט וועגן זיין אָנטייל אין דער ים-שלאַכט אונטער העלהאָלאַנדען. ער האָט אָנגעפירט מיטן פאָדערשטן ט.רם, זיין עלטערע זאָגן, אַז ער האָט זיך געהאַלטן קאַלטבלוטיק און אויסגערעכנט. C זאָגט, אַז די פראָבע צוצעשטערן די דאָקן פון קילער קאַנאַל מיט דער הילף פון אַעראָפּלאַנען גייט נישט אַראָפּ פון סדר-היום אין אַדמיראַליטעט. נאָר דאָס איז זייער שווער אויסצופירן, ווייל אַלץ איז זייער גוט פאַרטיידיקט און מען באַדאַרף וואַרטן אויף אַ גינסטיקן צופאַל. ס'איז זייער שלעכט, וואָס דער איינציקער

[1]) דער פרינץ פון באַטענבערג.

דורכגאַנג צום באַלטישן ים, מיט וועלכן מען קען זיך באַנוצן פאַר פאַנצערשיפן איז—דער זונד, און ער איז פאַר אַזעלכע שיפן צו פלאַך. אין צפון־ים האָבן די דייטשן אויף אַ גרויסן שטח פאַנאַנדערגעוואָרפן מינעס. דאָס שטעלט אין גרויס סכנות די פריוואַטע האַנדלסשיפן. און איצט, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן די ערשטע שטאַרקע הערבסטווינטן, וועלן זיי אָנהויבן צו שווימען, ווייל זיי זיינען נישט אויף אַנקערס. זיי וועלן זיכער צושווימען צו די האָלענדישע, נאָרוועגישע און דענישע ברעגן (ל׳אָמיר האָפן, אַז אויך צו די דייטשע).

וויקטאָריע שיקט דיר אַ האַרציקן גרוס. היינטיקן נאָכמי־טאָג שיינט די זון אַזוי העל, אָבער נישט ביי מיר אין צימער. היינט ביים טיי איז געווען אַזאַ שווערע שטימונג, עפעס אַזוי מאָדנע, און דער שטול האָט אויסגעזען אַזוי טרויעריק, אויף אים איז נישט געזעסן מיין ליבער. מאַרי און דימיטרי [1]) עסן ביי אונז מיטאָג. איך וועל אַוועקלייגן דאָס שרייבן און וועל אַ ביסל פאַר־מאַכן די אויגן. דעם בריוו וועל איך ענדיקן היינט אין אָוונט.

מאַרי און דימיטרי זיינען געווען שלעכט געשטימט. זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען צען אַ זייגער אַהיים: זיי האָבן נאָך גע־וואָלט זען פאַוולען. בעבי איז געווען אַ ביסל אומרואיק און איז אַנטשלאָפן געוואָרן ערשט נאָך עלף אַ זייגער. קיין גרויסע ווייט־טאָקן האָט ער נישט געהאַט. די מיידעלעך זיינען אַוועק שלאָפן און איך האָב געמאַכט אַ סורפריז אַניען. זי איז געלעגן אויפן דיוואַן אין גרויסן פאַלאַץ. זי האָט איצט אַ אָדערן־פאַרשטאָפונג, אַזוי אַז די פירשטין געדרויץ איז ביי איר ווידער געווען און האָט איר געהייסן עטלעכע טעג ליגן. זי איז געפאָרן אויף אַ מאָטאָר אין שטאָט, צו זען זיך מיט אונזער פריינט [2]) און דאָס האָט געשאַדט איר פוס. עלף אַ זייגער האָב איך זיך אומגע־קערט און בין געגאַנגען שלאָפן. דער אינזשעניער־מעכאַניק [3])

---

[1]) דער זון אין די טאָכטער פונם גרויספירשט פאַוועל אַלעקסאַנדראָוויטש.

[2]) גריגאָרי ראַספוטין.

[3]) ווי ס׳ווייסט אויס איז עס פאַרשטענדיגונגס־צייכן, וואָס איז נוגע דער קייזערינס געזונט.

איז, דוכט זיך, נישט ווייט. מיין פּנים איז פאַרבונדן, ווייל ס'טוט מיר אַ ביסל וויי די קינבאַק. די אויגן טוען נאָך אַלץ וויי און זיינען אָנגעשוואָלן און דאָס האַרץ בייִנקט נאָכן טייערסטן וועזן אויף דער וועלט, וואָס געהערט דער אַלטער Sanng.[1] אונזער פריינט איז גליקלעך פאַר דיר, וואָס דו ביזט געווען אַזוי צופרידן, וואָס ער האָט דיך נעכטן געזען. ער האָט אַלע־מאָל מורא, אַז "Bonheur"[2] ד. ה. די ראָבן ווילן, ער זאָל באַקומען דעם פ.[3] טראָן אָדער דעם גאַליציאַנער. דאָס איז זייער ציל. נאָר איך האָב געזאָגט אַניען, אַז זי זאָל אים באַ־רואיקן, אַז אַפילו פון אַ דאַנקבאַרקייט־געפיל וואָלסטו עס קיינ־מאָל נישט ריזיקירט צו טאָן. גר. האָט דיך מוראדיק ליב און קען נישט פאַרטראָגן, אַז נ.[4] זאָל שפּילן עפּעס אַ ראָליע. קסעניע[5] האָט געענטפערט אויף מיין טעלעגראַמע. זי באַ־דויערט, וואָס זי האָט דיך נישט געזען פאַרן אָפּפאָר. איר צון איז אָנגעשוואָלן. איך האָב אַ טעות געהאַט: שולענבערג קען דאָ נישט זיין פריער ווי מאָרגן ביינטאָג אָדער אין אָוונט אַזוי, אַז איך וועל אויפשטיין אַ ביסל שפּעטער, בלויז צו גיין אין קלויסטער. איך שיק זעקס קליינע זאַכן אויף צו געבן מתנות, וועמען עס איז. אפשר איוואַנאָוון[6], רוזסקין אָדער וועמען דו וועסט געפינען פאַר נייטיק. זיי האָט צוגעטראַכט לאַמאַן. דידאָזיקע גלאַנצענדיקע זעק באַדאַרפן פאַרטיידיקן פון רעגן און פון שמוץ.

ליבינקער, איצט ענדיק איך און לאָז איבער דעם בריוו הינטער דער טיר, ער דאַרף אַוועקגיין מאָרגן האַלב ניין אַ זייגער. זיי געזונט, מיין פרייד, מיין זונעלע, ניקי, מיין טייערער

---

[1] אויף איינגליש „זונעלע“.

[2] ווי סווייזט אויס אַן אָפּגעדעטער נאָמען.

[3] פּוילישן?

[4] דער גרויס־פירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש

[5] דעם קיסרס שוועסטער אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוויטשעס פרוי

[6] גענעראַל איוואַנאָוו

אוצר. בעבי קושט דיך און אויך דאָס ווייבעלע באַדעקט דיך מיט צאַרטע קושן. גאָט זאָל דיך בענטשן, באַשיצן און שטאַרקן. כ'האָב געקושט און געבענטשט דיין קישן. אַלע מיינע געדאַנקען און תפילות געהערן צו דיר. דיין אייגענע

אַליקס.

רייד איבער מיט פיאָדאָראָוון ¹) וועגן די דאָקטוירים און סטודענטן.

פאַרגעס נישט צו זאָגן די גענעראַלן, זיי זאָלן אויפהערן זיך צו רייסן.

איך האָף, אַז דער אָרעמער אַלטער פרעדעריקס איז אין אָרדנונג. זע, ער זאָל עסן נאָר לייכטע עסנס און זאָל נישט טרינקען קיין ווין.

## № 5

צאַרסקאָיע סעלאָ, 21 סעפּטעמבער 1914.

מיין טייערער, מיין ליבער,

וואָס פאַר אַ שמחה עס איז געווען צו באַקומען דיינע צוויי טייערע טעלעגראַמעס. איך דאַנק גאָט פאַר די גוטע ידיעות. ס'אַראַ טרייסט ס'איז געווען פאַר מיר צו האָבן אַ טעלעגראַמע גלייך פון דיין אָנקומען אויפן אָרט. זאָל גאָט בענטשן דיין זיין דאָרט. איך האָף און גלויב, אַז דו וועסט זען אַלע אַרמייען. בעבי האָט געהאַט אַן אומרואיקע נאַכט. קיין גאָר שטאַרקע ווייטאָקן זיינען נישט געווען. כ'האָב זיך אומישנע אויפגעהויבן, כדי אַ קוש צו טאָן אים, נאָך איידער איך וועל אַוועק־

---

¹) לייב־כירורג

ניין אין קלויסטער. פרישטיק האָב איך געגעסן מיט מיינע מיי־
דעלעך אויפן דיוואַן. בעקער [1]) איז געקומען צופאָרן. נאָכדעם
בין איך אַ גאַנצע שעה געלעגן נעבן אַלעקסייס בעט, און דער־
נאָך זיך אויפגעהויבן און גלייך אַוועק צו דער באַן. פאַר־
וואונדעטע האָט מען געבראַכט נישט זייער פיל. אין וועג איז
געשטאָרבן אַ סאָלדאַט און צוויי אָפיצירן פון איין פּאָלק און
פון איין ראָטע. פון רעגן און פון קריכן אין וואַסער, איבער־
גייענדיק דעם ניעמאַן, האָבן שטאַרק געליטן זייערע לונגען.
קיין באַקאַנטע זיינען נישט געווען—אַלץ אַרמייאישע פּאָלקן. איין
סאָלדאַט האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אונז דעם זומער גע־
זען אין מאָסקווע אויף כאָדינקע. פּאָרעצקין איז אַ סך ערגער
צוליב זיין האַרצפעלער און איבערגעמאַטערטקייט. ער זעט אויס
זייער שלעכט, דאָס פּנים איינגעפאַלן, די אויגן אויסגעשטעלט,
און די באָרד איז גראָ געוואָרן. דער אומגליקלעכער מאַכט אַ
שווערן איינדרוק, הגם ער איז נישט פאַרוואונדעט. דערנאָך
זיינען מיר זאַלבעפינפט אַוועקגעגאַנגען צו אַניען און דאָרטן
האָבן מיר פרי געטרונקען טיי. אַ זייגער דריי זיינען מיר אַוועק
אין אונזער קליינעם שפּיטאָל, וואו מיר האָבן אָנגעטאָן אונזע־
רע כאַלאַטן און זיינען אַוועק אין גרויסן שפּיטאָל און דאָ
האָבן מיר שוין זייער ערנסט געאַרבעט. האַלב זעקס איז מיר
מיט מאַריען און אַנאַסטאַסיען אויסגעקומען זיך אומצוקערן, ווייל
ס׳איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג מיט מאַריע וואַסילטשיקאָוואַס
ברודער בראש. דערנאָך זיינען מיר ווידער אַוועק אין קליינעם
שפּיטאָל, די קינדער האָבן געאַרבעט און איך האָב אויך איבער־
געבונדן דריי נייגעקומענע אָפיצירן. נאָכדעם האָב איך געוויזן
צו אַ אַנגאַזאָוון און זשדאַנאָוון, ווי אַזוי מען באַדאַרף שפּילן ווי
געהעריק, אין דאָמינע. נאָך מיטאָג בין איך מיט בעבין אַוועק־
געגאַנגען צו אַניען. דאָרטן זיינען שוין געווען אַלע פיר מיי־
דעלעך. איך האָב געזען ביי איר נ. פּ. ער האָט מיט איר

[1]) אַן אָפּגערעטער אויסדרוק, וועלכער האָט אַ שײַכות צו דער קייזערנס געזונט.

בעגעסן מיטאָג. ער האָט זיך זייער געפרייט מיט אונז, ווייל ער פילט זיך זייער איינזאַם און איבעריק. פירשטן געדרויץ איז געקומען זען אַניעס פוס, ווערלכן איך האָב דערנאָך איבערגע־בונדן. מיר האָבן איר געגעבן אַ גלאָז טיי. נ. פ. האָב איך צו־געפירט אויף אַן אויטאָמאָביל ביז דער סטאַציע. אַ קאַלטע נאַכט, אַ שיינע לבנה. בעבי שלאָפט שטאַרק. די גאַנצע קליינע משפחה קושט דיך צערטלעך. מלאך מיינער, דו פעלסט מיר אַזוי שטאַרק. יעדע נאַכט, ווען איך פלעג זיך אויפכאַפּן, פלעג איך מורא האָבן זיך אַ ריר צו טאָן, טאָמער וועל איך דיך אויפוועקן. ס'איז אַזוי אומעטיק אין קלויסטער אָן דיר. זיי געזונט, מיין ליבינקער, מיינע רעיונות און תפילות זיינען תמיד מיט דיר. איך בענטש און קוש אָן אַ שיעור מאָל יעדעס טייערע, געליבטע ערטעלע דיינס.

דיין אַלט ווייבעלע.

פירשטין אָרלאָוו פאָרט מאָרגן קיין באַראַנאָוויטש צו זען זיך צוויי טעג מיט איר מאַן. אַניע האָט געהאַט אַ ידיעה פון סאַשקען און צוויי בריוו פון איר ברודער.

№ 6.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 23־טן סעפּטעמבער 1914.

טייער נשמהלע מיינס,

ס'איז מיר געווען אַזוי אומעטיק נעכטן, אַז איך האָב דיר נישט געקאָנט שרייבן. ס'האָט מיר שרעקלעך וויי געטאָן דער קאָפּ און איך בין אַ גאַנצן אָוונט געלעגן אין אַ טונקעלן צימער. אינדערפרי זיינען מיר אַוועקגעגאַנגען אין קלויסטער

אויף אַ האַלבע תּפילה. עס געווען זייער גוט. פֿאַרן אַוועק־גיין בין איך געווען ביי בעבין. דערנאָך זיינען מיר אַריינגעפֿאָרן צו אַניען נאָך דער פירשטן ג.

דער קאָפּ האָט מיר שוין איבערגעוויטאָקט, איצט קען איך שוין איינגעמען רפואות צום האַרצן.

מיר האָבן געאַרבעט פון צען ביז איינס אַ זייגער, ווייל ס׳איז געווען אַן אָפּעראַציע, וואָס האָט לאַנג געדויערט.

נאָכן פרישטיק איז ביי מיר געווען שולענבורג. ער איז היינט אַוועקגעפאָרן צוריק, ווייל רענענקאַמף האָט אים געזאָגט, ער זאָל זיך צואיילן. דערנאָך בין איך אַרויף אויבן, אַ קוש צו טאָן בעבין, און בין צוריק אַראָפּ און זיך געלייגט אין בעט ביזן טיי. נאָכדעם האָב איך אויפגענומען די אָפּטיילונג פון דער פרוי סאַנדרי־שואַלאוס. שלאָפן בין איך געגאַנגען מיט אַ געוואַלדיקן קאָפּווייטאָק. אַניע האָט זיך באַליידיקט, וואָס איך בין צו איר נישט אַריינגעגאַנגען, נאָר ביי איר זיינען געווען זייער אַ סך געסט און אונזער פריינט האָט פאַרבראַכט ביי איר גאַנצע דריי שעה. די נאַכט איז געווען נישט זייער גוט, און אַ גאַנצן טאָג פיל איך מיין קאָפּ און אויך די האַרצצע־וואַקסונג. געוויינלעך נעם איך מיינע טראָפּנס דריי, פיר מאָל אַ טאָג, ווייל אַנדערש קען איך נישט אויסהאַלטן, אָבער אין די טעג געלינגט עס מיר נישט. די באַריכטן האָב איך גע־לייענט אין בעט און פרישטיקן בין איך איבערגעגאַנגען אויפן דיוואַן. נאָכן פרישטיק האָב איך אויפגענומען דאָס פאָר־פאָלק רעבינדער פון כאַרקאָוו (ביי זיי איז דאָרטן מיין לאַגער). זי איז געקומען פון ווילנע. זי איז געפאָרן אַהין זיך צו זעגענען מיט איר ברודער קוטאַיסאָוון. ער האָט איר געוויזן די איקאָנע, וועלכע איך האָב געשיקט בעבים באַטאַרייע. זי איז שוין אינ־גאַנצן אָפּגעבליאַקירט. ווי ס׳ווייזט אויס, שטעלן זיי זי אַרויס יעדן טאָג צו דער תּפילה און פאַר יעדער שלאַכט בעטן זיי צו איר. ווי רירנדיק דאָס איז!

דערנאָך בין איך געגאַנגען צו בעבין און בין געלעגן

נעבן אים אינ׳ם בין־השמשות, כל זמן וואָלאַד. ניק. [1]) האָט אים פאַרגעלייענט. איצט שפּילן זיי צוזאַמען. די מיידעלעך זיינען אויך דאָ. מיר האָבן דאָ אין דער הויך געטרונקען טיי. דאָס וועטער איז שיין. ביינאַכט האָט כמעט אונטערגעפראָרן.

גאָט צו דאַנקען, די ידיעות זיינען וייטער גוטע, די פרייסן טרעטן אָפּ. די שרעקלעכע בלאָטע האָט זיי דערצו געצוואונגען. מעקק שרייבט, אַז אין לעמבערג זיינען דאָ אַ סך צופאַלן פון כאָלערע און דעזינטעריע, נאָך זיי נעמען אָן סאַניטאַרע מיטלען. לויט די צייטונגען, איז זיי דאָרטן אויסגעקומען איבערצולעבן עטלעכע שווערע מינוטן. נאָר איך גלויב, אַז זייער ערנסט וועט נישט זיין. די פּאָליאַקן טאָר מען נישט געטרויען. סוף כל סוף זיינען זיי אונזערע שונאים, קאַטאָליקן מוזן אונז פיינט האָבן.

איך וועל ענדיקן דעם בריוו אין אָוונט. כ׳קען נישט שרייבן קיין סך אויף אַמאָל. ליבער מלאך, מיין האַרץ און מיין נשמה זיינען תמיד מיט דיר.

איך שרייב אויף אַנאַסטאַסיעס פּאַפּיר. בעבי קושט דיך שטאַרק. ער האָט אינגאַנצן נישט קיין וויטאָקן. ער ליגט צוליב דעם, ווייל די קני איז ביי אים געשוואָלן. איך האָף זייער, אַז צו דיין קומען וועט ער שוין קענען אויפשטיין. כ׳האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון דער אַלטער אָרלאָוון. איוואַן האָט איר געשריבן, אַז ער וויל אויך נאָך דער מלחמה בלייבן אין דער אַרמיי. מיר האָט ער אויך געזאָגט דאָסזעלבע. דאָס איז „דער פליער אָרלאָוו פון 20־טן קאָרפּוס". ער האָט באַקומען אַ געאָרגקרייץ און האָט רעכט אויף נאָך אַן אָרדען. אפשר וואָלט מען אים געדאַרפט מאַכן פאַר אַ פּראַפּאָרשטשיק אָדער פּאָדפּאָרוטשיק. ער האָט געמאַכט אויסשפּירונגען אונטער אַן אומאויפהערלעכן פייער פון שונא. איין מאָל איז ער איינער אַליין אַרויפגעפלויגן באַזונדערס הויך און ס׳איז געווען אַזאַ קעלט, אַז ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער זאָל טאָן. די הענט האָבן געפרוירן,

---

[1]) דאָקטאָר דערעווענקאָ.

די מאַשין האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן, ער איז געווען אַזוי
פאַרפראָרן, אַז ער איז שוין אינגאַנצן גלייכגילטיק געווען צו
דעם, וואָס עס קען מיט אים געשען. דעמאָלט האָט ער אָנגע־
הויבן בעטן צו גאָט, און פלוצלונג האָט די מאַשין ווידער אָנ־
געהויבן צו אַרבעטן נאָרמאַל. ווען עס רעגנט, קען מען נישט
פליִען, קומט אויס נאָכאַנאַנד צו שלאָפן. ער איז אַ וואוילער
יונג, וואָס ער פליט אַזוי אָפט איינער אַליין: וואָס פאַר אַ
נערוון דאַרף מען דערצו האָבן! זיין פאָטער וואָלט באמת גע־
קאָנט שטאָלץ זיין מיט אים, און דערפאַר בעט פאַר אים זיין
באָבע. איך שרייב היינט זייער שלעכט, אָבער דער מוח איז
מיר אַזוי מיד, און דער קאָפ אַזוי שווער. - אָ, מיין ליבער,
וואָס פאַר אַ גרויסע שמחה איך האָב איבערגעלעבט, ווען מען
האָט געבראַכט דיין טייערן בריוו. פון גאַנצן האַרצן דאַנק איך
דיר פאַר אים. ווי גוט דאָס איז, וואָס דו האָסט צו מיר גע־
שריבן. איך האָב איבערגעלייענט שטיקלעך פון דיינע בריוו צו
די מיידעלעך און צו אַניען. מען האָט איר דערלויבט צו קו־
מען אויף מיטאָג. זי איז געבליבן ביי אונז ביז האַלב עלף.
ווי אינטערעסאַנט דאָס דאַרף אַלץ זיין! רוזסקי[1] איז זיכער גע־
ווען טיף גערירט, וואָס דו האָסט אים געמאַכט פאַר אַ גענעראַל־
אַדיוטאַנט. און ווי „אַגוניושקאַ” וועט דאָס גליקלעך זיין, וואָס
דו האָסט געשריבן צו אים. ער האָט שוין, גאָט צו דאַנקען,
נישט קיין ווייטאָקן. פאָרסט שוין מסתמא ווידער. ווי ווייניק
צייט דו האָסט פאַרבראַכט מיט אָלגען[2]. ס׳אַראַ מתנה דאָס וועט
זיין פאַרן העלדישן גאַרניזאָן פון אָסאָוויעץ. ווען דו וועסט פאָרן
אַהין! אָדער אפשר גאָר קיין גראָדנע, אויב דאָרט איז נאָך
פאַראַן מיליטער. שולענבערג האָט געזען די אולאַנער. זייערע
פערד זיינען פולשטענדיק אויסגעמאַטערט. די רוקנס זייערע זיי־
נען צוקלאַפּט ביז בלוט, די מענטשן האָבן לאַנגע שעהען נאָ־
כאַנאַנד פאַרבראַכט אויף די זאָטלען, די פערד זיינען לגמרי

---

[1]) גענעראַל רוזסקי, דער קאָמאַנדיר פון צפון־פראָנט.

[2]) דער קייסערס שוועסטער.

אָפּגעשוואַכט. אַזוי ווי שולענבערגס צוג איז געשטאַנען נעבן ווילנע, פלעגן קומען אָפיצירן און לויט דער ריי זיך אויס־שלאָפן צו עטלעכע שעה אין זיין בעט, און זיך מחיה זיין מיט דערדאָזיקער באַקוועמלעכקייט. וו. ס. קניאַזשעוויטש האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין, אַזוי גוט איז אים דאָרטן געווען. (די פרוי ש. האָט עס דערציילט אַניען).

אויך דער טייערער מאַנעלע בײנקט נאָך זיין קליין ווייבעלע און איך—נאָך דיר!... איך האָב דאָך אָבער אַ ליב משפחהלע, וואָס טרייסט מיך. צי גייסטו אַמאָל אַריין אין מיין וואַגאָן־אָפּטיילונג? זיי אַזוי גוט און גיב איבער פרעדעריקסן מיינע האַרציקסטע גרוסן. צי האָסטו גערעדט מיט פּיאָדאָראָוון וועגן די מיליטערישע סטודענטן און דאָקטוירים? היינט איז פון דיר נישט געווען קיין דעפּעש. איך רעכן, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל דו האָסט היינט גאָר נישט געטאָן עפּעס אַזעלכעס, וועגן וואָס דו וואָלסט וועלן שרייבן.

איצט, אוצר מיינער, מיין ליבער ניקי, דאַרף איך זיך באַמיען איינצושלאָפן. דעם בריוו וועל איך אַוועקלייגן הינטער דער טיר, מאָרגן האַלב ניין וועט מען אים צונעמען. כ׳האָב נישט געהאַט מער קיין טינט אין דער פעדער, אַזוי אַז ס׳איז אויסגעקומען צו נעמען אַ צווייטע.

זיי געזונט, מיין מלאך. גאָט זאָל דיך באַשירמען און באַשיצן און ברענגען אַ געזונטן אַהיים. אַ סך קושן און צערטלעכקייטן פון דיין ליבענדיקער און אויפריכטיק איבערגעגעבענער קליינער ווייבעלע.

אליקס.

אַניע דאַנקט דיר פאַר דיין גרוס און שיקט איר ליבע.

№ 7

צאַרסקאָיע סעלאָ, 24 סעפּטעמבער 1914

טייער נשמהלע מיינס,

פון גאַנצן האַרצן דאַנק איך דיר פאַר דיין ליבן בריוו. דיינע צאַרטע ווערטער האָבן מיך טיף געריהרט און דערוואַרעמט מיין איינזאַם האַרץ. פאַר מיר איז געווען זייער אַ גרויסע אַנטוישונג, וואָס מען ראַט דיך נישט צו פאָרן אין פעסטונג. כ׳ווייס, ווי דו האָסט דאָס געוואָלט. דאָס וואָלט דאָך געווען אַ זעלטענע מתנה פאַר די וואונדערלעכע העלדן. מען זאָגט, אַז בשעת "Ducky"[1] איז דאָרט געווען ביי אַ תפילה, האָט זי געהערט פון ווייטן האַרמאַטן־שאָסן. צוליב דעם, וואָס די פערד זיינען פאַרמאַטערט, רוט זיך אויס אין ווילנע אַ סך מיליטער. איך האָף, אַז דו וועסט זיי קענען זען. אָלגע האָט נאָכדעם, ווי זי האָט דיך געזען, געשיקט אַהער אַ טעלעגראַמע פול מיט גליק. אַ ליב קינד, זי אַרבעט אַזוי מוטיק. און אַזוי פיל דאַנקבאַרע הערצער וועלן מיטנעמען מיט זיך אויפן פראָנט די עריינערונג פון איר ליבן, לעבעדיקן אויסזען. אַנדערע וועלן זי אויך אַוועקטראָגן מיט זיך אין זייערע דערפער און דאָס, וואָס זי איז דיינע אַ שוועסטער, וועט באַפעסטיקן דעם צוזאַמענבונד צווישן דיר און דאָס פאָלק. איך האָב געלייענט אַזאַ שיינעם אַרטיקל אין אַן איינגלישער צייטונג! זיי לויבן אַזוי אונזערע זעלנער און זאָגן, אַז זייער שטאַרקע פרומקייט און גרויס יראת

[1]) גרויספירשטין יעלענע וולאַדי־ימיראָווּנע, חתונה געהאַט פאַרן גריכישן פּרינץ ניקאָלאַי.

הכבוד פאַר זייער מאָנאַרך באַוועגט זיי, זיך אַזוי מוטיק צו שלאָגן פאַר דער הייליקער זאַך. ס'אַראַ חרפה דאָס איז, וואָס די דייטשן האָבן איינגעשלאָסן די קליינע הערצאָגין פון לוקסעמבורג אין איר פּאַלאַץ נעבן ניורענבערג. דאָס איז אַזאַ באַליידיקונג! שטעל זיך פאָר, איך האָב באַקומען אַ בריוו פון גרעטכען אָן אַן אונטערשריפט און אָן אַן אָנהויב. געשריבן איז דער בריוו אויף ענגליש. אַרויסגעשיקט פון ענגלאַנד איז ער מיט אַן אַדרעס, געשריבן מיט אַן אַנדער האַנטשריפט. איך קען זיך נישט פאָרשטעלן, ווי אַזויאַרום האָט זיך איר איינגעגעבן אים אַרויסצושיקן. אַניעס פוס איז היינט אַ סך בעסער. און איך זע, אַז זי קלייבט זיך אויפצושטיין צו דיין קומען. איך וואָלט אַזוי וועלן, אַז איצט זאָל זי זיין געזונט און דער פוס זאָל איר ווייטאָן אויף דער קומענדיקער וואָך, דעמאָלט וואָלטן מיר געהאַט עטלעכע ליבע, רואיקע און געמיטלעכע וואונטש צו פאַרברענגען זאַלבעצווייט.

אין שפּיטאָל זיינען מיר אַוועק ערשט עלף אַ זייגער. מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך די פירשטן און אַניען. מיר האָבן זיך באַטייליקט אין צוויי אָפּעראַציעס. זי האָט זיי געמאַכט זיצנדיק אַזוי, אַז איך זאָל איר קענען איבערגעבן די אינסטרומענטן אויך זיצנדיק. איינער פון די פאַרוואונדעטע איז געווען אַזוי קאָמיש, ווען ער איז געקומען צו זיך. ער האָט די גאַנצע צייט געזונגען און הויך אויפן קול און גאַנץ גוט, און בעת מעשה געמאַכט מיט דער האַנט, פון וואָס איך שטויס מיך אָן, אַז ער האָט געמוזט זיין דער ראָטע־זינגער. און אַזוי איז דאָס מאַקע. ער איז געווען זייער פריילעך און האָט געזאָגט, אַז ער האָט מסתמא נישט באַנוצט קיין גראָבע ווערטער. ער וויל זיין אַ העלד, און באַלד ווי דער פוס ווערט אים נאָר געזונט, וויל ער ווידער אַוועק אויפן פראָנט. אַ צווייטער האָט שעלמיש אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „איך בין געווען ווייט, ווייט, בין געגאַנגען און געגאַנגען, גוט איז דאָרטן געווען, גאָט דער אַלמעכטיקער—אַלע צוזאַמען זיינען מיר דאָרטן געווען. איר ווייסט נישט, וואו איך בין געווען.״ און ער האָט געלויבט און גע־

יאַנקס גאָט. ער האָט, ווי ס'ווייזט אויס, געזען חדושימדיקע זאַכן, בשעת מיר האָבן אַרויסגענומען די קויל פון זיין פלייצע. זי (פירשטין געדרויץ) האָט מיר נישט געלאָזט איבער־בינדן. זי האָט געוואָלט איך זאָל רוען, ווייל איך האָב גע־פילט מיין קאָפּ און מיין האַרץ.

נאָכן פרישטיק בין איך געלעגן ביי בעבין אין צימער ביז פינף. Mr. G.[1]) האָט אים פאַרגעלייענט און איך קלער, אַז איך האָב אַ קורצע צייט געשלאָפן. דערנאָך האָט אַלעקסיי אי־בערגעלייענט פינף שורות אויפן קול און גאָר גוט. דערנאָך האָב איך אויפגענומען דעם „פעטער מעקקא" און נאָכדעם האָב איך מיך צוזאַמען מיט אָלגען[2]) זיך אַראָפּגעכאַפּט אויף אַ האַלב שעה צו אַניען, ווייל אונזער פריינטי[3]) האָט פאַרבראַכט ביי איר דעם גאַנצן נאָך האַלבן טאָג און ער האָט מיך געוואָלט זען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר. ער האָפט, אַז דו וועסט פאָרן אין פעסטונג. דערנאָך האָבן מיר געמאַכט אונזער לעקציע מיט דער פירשטין ג. נאָך מיטאָג זיינען די מיידעלעך אַוועק צו אַניען, דאָרטן איז געווען נ. פּ. נאָך דער תפילה בין איך אויך אַוועק אַהין. מיר האָבן געאַרבעט, זי האָט גע־קלעפּט און ער האָט געדרויכערט: די לעצטע טעג איז זי נישט צופיל ליבנסווירדיק. זי טראַכט נאָר וועגן זיך און וועגן איר באַקוועמלעכקייט. זי צווינגט די אַנדערע צו קריכן אונטערן טיש, כּדי איינצוּאָרדנען דאָרט איר פוס אויף אַ באַרג מיט קישנס. און ס'פּאַסט איר גאָרנישט אַיין אַ טראַכט צו טאָן, ווי איז די אַנדערע באַקוועם צו זיצן. זי איז צולאָזן און שלעכט דער־צויגן. אַ גאַנצן טאָג קומען צו איר אָן אַ שיעור מענטשן, אַזוי אַז זי האָט נישט קיין צייט ווען צו פילן זיך איינזאַם, און אַז דו וועסט קומען, וועט זי זיך באַקלאָגן, אַז זי האָט זיך די גאַנצע צייט געפילט אומגליקלעך. זי איז אַרומגערינגלט מיט

1) זשילאַר.

2) די טאָלסטער.

3) ראַספּוטין.

עטלעכע גרויסע בילדער דיינע–אירע אייגענע פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפיעס. זיי זיינען ביי איר אין יעדן ווינקל און, אויסערדעם, זיינען נאָך דאָ אַ סך קליינינקע. נ. פּ. האָבן מיך אַראָפּגעלאָזט נעבן דער סטאַציע. אַהיים זיינען מיר געקומען אַרום עלף אַ זייגער. איך האָב געוואָלט אַלע טאָג גיין אין קלויסטער און אויסגעקומען איז מיר צו זיין בלויז איין מאָל. דאָס איז זייער שלעכט, ווייל דער קלויסטער איז אַזאַ גרויסע הילף פאַר מיר, ווען ס'איז מיר אומעטיק אויפן האַרצן. אַלעמאָל, איידער מיר גייען אין שפּיטאָל, שטעלן מיר ליכט. איך האָב ליב צו בעטן, אַז גאָט און די הייליקע מוטער זאָלן בענטשן די אַרבעט פון אונזערע הענט און זאָלן אונז העלפן היילן די פאַרוואונדעטע. איך בין אַזוי צופרידן, וואָס דו פילסט זיך בעסער. אַזעלכע נסיעות זיינען זייער נוצלעך, ווייל דו פילסט זיך דאָך נענטער צו אַלעמען. דו קאָנסט אַליין זען די פירער, הערן אַלץ פון זיי דירעקט, און איבערגעבן זיי דיינע געדאַנקען.

ס'אַראַ גרויסע שמחה פאַר קעלערן! ער האָט באמת פאַרדינט דיין קרייץ. איצט האָט ער אונז באַצאָלט פאַר אַלץ. דאָס איז געווען זיין הייסער פאַרלאַנג די אַלע יאָרן. ווי שרעקלעך מיד עס מוזן זיין די פראַנצויזישע און איינגלישע אַרמייען. זיי האָבן זיך דאָך אָן אַ הפסקה געשלאָגן צוואַנציג טעג און מער. און מיר האָבן געגן זיך די גרויסע האַרמאַטן פון קעניגסבערג. היינט האָט אָרלאָוו נישט געשיקט קיין שום ידיעות אַזוי, אַז איך קלער, אַז ס'האָט גאָרנישט געמוזט געשען.

דיר דאַרף זיין גוט, וואָס דו ביזט ווייט פון אַלע קליינלעכע אינטריגעס. דאָ האָט מען דערציילט אַזעלכע מעשיות און ווי געווײנלעך, אָן אַ שום גרונט. דער אָרעמער אַלטער פרעדעריקס–יענער–איז געשטאָרבן [1]. ווי שלעכט עס איז, וואָס אונזער אָרעמען זקן איז ווידער ערגער. איך האָב אַזוי מורא געהאַט, אַז דאָס קען זיך טרעפן, ווען ער וועט זיין מיט דיר

[1] ס'האַנדלט זיך וועגן דעם הויף־מיניסטערס א שוועסטערקינד.

אין וועג. ס'וואָלט זיין אַ סך בעסער פון זיין זייט, ווען ער וואָלט געבליבן אין שטוב. ער איז אָבער אַזוי טריי, אַז ער האָט נישט געקאָנט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז דו זאָלסט פאָרן אַליין. איך האָב מורא, אַז לאַנג וועלן מיר אים נישט האָבן ביי זיך. זיין צייט דערנענטערט זיך. ס'אַ פאַרלוסט דאָס וועט זיין! נישטאָ אַזעלכע מענטשן, שווער צו פאַרבייטן אַזאַ ערלעכן פריינט.

טייערינקער, איך רעכן, אַז דו שלאָפסט שוין איצט בעסער. וועגן זיך קען איך דאָסזעלבע נישט זאָגן. מיין מוח האַלט עפּעס אַזוי ווי תמיד אין איין אַרבעטן און וויל קיינמאָל נישט רוען. הונדערטער רעיונות און קאָמבינאַציעס דרייען זיך אין קאָפּ.

דיינע טייערע בריוו האָב איך געלייענט עטלעכע מאָל און כ'האָב זיך באַמיט פאָרצושטעלן, וואָס אַזוינס רעדט צו מיר מיין ליבסטער. עפּעס אַזוי ווייניק זעען מיר זיך איינער מיטן אַנדערן. דו ביזט זייער פאַרנומען און איך וואָלט נישט געוואָלט דיך באַאומרואיקן מיט פראַגן, ווען דו קומסט אַ מיד נאָך די באַריכטן. און דערנאָך בלייבן מיר קיינמאָל נישט אַליין, זאַלבעצווייט. אָבער איצט מוז איך זען איינצושלאָפן, כ'וויל זיך מאָרגן פילן קרעפטיקער און קענען מער נוצן ברייַנגען. כ'האָב גערעכנט, אַז דו וועסט אַוועקפאָרן, וועל איך זייער פיל אַרבעטן, נאָר בעקערי[1]) האָט איבערגעפירט אַלע מיינע פּלענער און גוטע פאַרלאַנגען

שלאָף גוט, מיין קליינינקער. זאָלן די הייליקע מלאכים היטן דיין שלאָף און דיינע ווייבעלעס תפילות און איבערגעגעבענע ליבע זאָלן דירביישטיין

דער 25־טער. אַ גוטער מאָרגן דיר, נשמהלע מיינס. היינט וועט דער פעלדיעגער נעמען שפּעטער דעם בריוו און איך קען נאָך אַ ביסל שרייבן. דאָס איז אפשר דער לעצטער בריוו, אויב פרעדעריקס איז גערעכט אין זיין שרייבן, אַז דו קערסט זיך

---

[1]) אַ סימן־הקאָרט.

אום מאָרגן. אָבער מיר דוכט זיך, אַז דאָס וועט נישט זיין־
זוייל דו וועסט זיכער וועלן זען די הוסאַרן, אולאַנער, אַרטי־
לעריע און אַנדערע חילות, וועלכע רוען איצט אין ווילנע.
היינט ביינאַכט איז געווען צוויי גראַד קעלט און איצט איז ווי־
דער אַ העלע זון. עלף אַ זייגער וועלן מיר זיין אין שפּיטאָל.
איך קען אַלץ נישט נעמען די רפואות. דאָס איז זייער נישט
אָנגענעם, ווייל דער קאָפּ טוט מיר אַלע טאָג ווי, הגם נישט
אַזוי שטאַרק, און דאָס האַרץ פּיל איך אויך, הגם עס צעוואַקסט
זיך נישט. אָבער איך טאָר מיך היינט נישט אָנשטריינגען. זינט
דו ביזט אַוועקגעפאָרן, האָב איך נאָך נישט געאָטעמט ווי גע־
העריק, מיט פרישער לופט. סערגייעוון איז אַ ביסל בעסער.
פירשטין זָרלאָוו פילט זיך אויך גוט, מער נישט, וואָס זי איז
שוואַך. בעבי האָט געשלאָפן און פילט זיך גוט. מען רעדט נאָך
אַלץ וועגן יענעם מאַיאָנטעק אין די באַלטישע פּראָווינצן, וואו
ס'איז מיט ווייסן אָנגעמערקט אַן אָרט און וואָס אויף דער אָזע־
רע האָט זיך געפונען אַ הידראָפּלאַן. אונזערע אָפיצירן, איבער־
געטאָן ציוויל, האָבן אים געזען. מען לאָזט אַהין קיינעם נישט
צו. איך וואָלט געוואָלט, אַז וועגן דעם זאָל געמאַכט ווערן אַן
ערנסטע אויספאָרשונג. ס'זיינען אומעטום דאָ אַזויפיל שפּיאָנעס
אַז ס'קען זיין, אַז דאָס איז אמת. אָבער דאָס איז זייער טרויע־
ריק, ווייל כּונדעסטוועגן זיינען דאָ זייער אַ סך לאָיאַלע אונ־
טערטאַנען אין די באַלטישע פּראָווינצן. דידאָזיקע אומגליקלעכע
מלחמה—ווען וועט זי זיך שוין ענדיקן! איך בין זיכער, אַז
ווילי[1]) דאַרף צייטנווייז איבערלעבן שרעקלעכע מינוטן, בשעת
ער פילט, אַז דאָס האָט ער, און באַזונדערס, זיין אַנטירוסישע
קליקע, אָנגעהויבן די מלחמה און פירן דאָס לאַנד צום אָפּגרונט.
די אַלע קליינע מלוכהלעך וועלן יאָרנלאַנג ליידן פון די מלחמה־
רעזולטאַטן. מיין האַרץ באַגיסט זיך מיט בלוט, ווען איך דער־
מאָן זיך, וואָס פאַר אַן אָנשטריינגונגען עס האָבן געמאַכט דער
פאָטער און ענרי, כּדי צו דערפירן אונזער קליין לאַנד צו זיין

[1]) דער דייטשער קיסר.

איצטיקן בליענדיקן מצב. מיט גאָטס הילף וועט דאָ אַלץ אַוועק גוט און וועט זיך ענדיקן מיט כבוד. די מלחמה האָט אויפגע־הויבן די שטימונג, האָט אַ סך אָפּגערייניקט און האָט צוזאַמענ־געשמאָלצן די געפילן. דאָס איז אַ געזונטע מלחמה אין גייס־טיקן זין. איין זאַך וואָלט איך נאָר וועלן, אַז אונזערע אַר־מייען זאָלן זיך האַלטן מוסטערהאַפט אין אַלע הינזיכטן, זאָלן נישט שלאָגן, נישט ראַבירן. זאָלן אַזעלכע זאַכן טאָן בלויז די פּרייסישע חילות. אַזעלכע זאַכן דעמאָראַליזירן די מענטשן און דערנאָך פאַרלירט מען דעם אמתן קאָנטראָל איבער זיי. ווען זיי לאָזן זיך אַראָפּ צו דער מדרגה פון גזלנים אויף די ברייטע וועגן, דעמאָלט שלאָגן זיי זיך פאַר זייערע פּריוואַטע נוצן און נישט פאַרן כבוד פון זייער לאַנד. ס׳איז נישטאָ קיין גרונט נאָכצוטאָן די שלעכטע ביישפּילן. דער הינטער־פראָנט און די „אָבאָזן" זיינען — אַ קללה. אין דעם פאַל ריידן אַלע וועגן זיי מיט פאַרצווייפלונג. ס׳איז נישטאָ קיינער, ווער ס׳זאָל זיי האַלטן אין די הענט. אין אַלץ זיינען תמיד דאָ העסלעכע אין שיינע זייטן, אַזוי איז אויך דאָ.

אַזאַ מלחמה האָט געדאַרפט לייטערן די נשמה, און נישט באַשמוצן זי, נישט וואָר? אין אַנדערע פאָלקן איז מען זייער שטריינג. איך ווייס דאָס. דאָרטן באַמיט מען זיך איינצוהאַלטן די אָרדנונג, אָבער אַ וואָרט פון אויבן וואָלט נישט געשאַט. דאָס איז מיין אייגענער געדאַנק, ליבינקער, ווייל איך וואָלט וועלן, אַז דער נאָמען פון אונזער מיליטער זאָל שפּעטער דערמאָנט ווערן מיט מורא, מיט אַכטונג און מיט התלהבות. דאָ דרינגען זיך נישט אַלעמאָל די מענטשן דורך מיט דעם געדאַנק, אַז פּריוואַט־אייגנטום איז הייליק און אומבאַרירבאַר. אַ נצחון הייסט נישט קיין רויב. זאָלן די גלחים די פאָלקן זאָגן וועגן דעם זייער וואָרט.

נו, אָט שטיי איך צו צו דיר מיט זאַכן, וואָס האָבן צו מיר נישט קיין שייכות, אָבער איך טו דאָס אויס ליבע צו דיינע סאָלדאַטן און צו זייער גוטן שם.

טייערער אוצר, איך מוז ענדיקן און אויפשטיין. איך קיש

דיר אַלע מיינע תּפילות און צערטלעכסטע געדאַנקען. זאָל דיר גאָט געבן מוט, כּוח און געדולט. גלויבן האָסטו איצט מער איידער אַן אַנדערשטמאָל און דאָס איז אַלץ, וואָס האַלט דיך אונטער. יאָ, די תּפילה און דער אוממיטלבאַרער גלויבן אין גאָטס חסדים, נאָר זיי אַליין גיבן כּוח אַלץ איבערצוטראָגן. אויך אונזער פריינט העלפט דיר טראָגן דיין שווערן קרייץ און די גרויסע אחריות. אַלץ וועט זיין גוט, ווייל די גערעכטיקייט איז אויף אונזער זייט. איך בענטש דיך און קוש דיין טייער פּנים און דיין האַלז און דיינע טייערע, ליבע הענט מיט דער גאַנצער היץ פון אַ גרויס ליבענדיק האַרץ. ס'אַראַ פרייד דאָס איז פאַר מיר, וואָס דו קומסט אינגיכן צופאָרן.

דיין אייגן אַלט ווייבעלע.

№ 7

צאַרסקאָיע סעלאָ, 20-סן אָקטאָבער 1914.

מיין ליבסטער פון געליבטע,

ווידער דערנענטערט זיך די שעה פון צושיידונג און דאָס האַרץ טוט וויי פון צער. אָבער איך פריי זיך פאַר דיר, וואָס דו וועסט אַוועקפאָרן און וועסט זען אַ נייע אומגעבונג און וועסט זיך דערפילן נענטער צו דיין מיליטער. איך האָף, אַז דאָס מאָל וועט זיך דיר איינגעבן צו זען מער ווי דעמאָלט. מיט אומגעדולט וועלן מיר וואַרטן אויף דיינע דעפּעשן. ווען איך ענטפער אויף דער הויפּט-קוואַרטיר, פיל איך זיך עפּעס נישט דרייסט, ווייל איך ווייס, אַז אַ סך אָפיצירן לייענען מיינע דע־פּעשן. דאַן קען מען שוין נישט שרייבן אַזוי הייס, ווי ס'וואָלט זיך וועלן. וואָס נ. פּ. איז דאָס מאָל מיט דיר, איז אַן אמתע טרייסט פאַר מיר. דו וועסט זיך פילן ווייניקער איינזאַם. ער

איז אַ טייל פון אונז אַלעמען. דו פאַרשטייסט און קוקסט אויף אַ סך זאַכן גלייך מיט אים און ער איז דאַנקבאַר און גליקלעך, וואָס ער קען מיט דיר פאָרן, ווייל ער פילט זיך אַזוי אומ־נוצלעך אין שטאָט, אין דער צייט, ווען אַלע זיינע חברים זייַ־נען אויפן פראָנט. גאָט צו דאַנקען, וואָס דו קאָנסט פאָרן, זייענדיק לגמרי רואיק וועגן אונזער בעבין. אויב עס וועט עפּעס נישט געשען, וועל איך שרייבן „הענטעלע״. אין אַלגעמיין אַלץ פאַרקלענערט, דעמאָלט זאָלסטו וויסן, אַז איך שרייב וועגן אַגו־ביושקען. אַך, ווי דו וועסט מיר אויספעלן. איך פיל זיך אַזוי מוטלאָז די טעג, און אויפן האַרצן איז מיר אַזוי שווער. דאָס איז אַפילו אַ חרפה, ווייל הונדערטער פרייען זיך דאָך, וואָס זיי וועלן דיך איינגיכן זען. אָבער ווער עס ליבט אַזוי, ווי איך, דער קען נישט ניינקען נאָך זיין אוצר.

מאָרגן ווערט צוואַנציק יאָר, ווי דו קיניגסט און ווי איך בין געוואָרן אַ פּראַוואָסלאַוונע. ווי די יאָרן זיינען דאָ אַוועקגע־לאָפן, וויפיל מיר האָבן דאָס צוזאַמען איבערגעלעבט! זיי מיר מוחל, וואָס איך שרייב מיט אַ בלייפעדער. איך ליג אויפן קאַ־נאַפּע. זיי נאָך אַמאָל מוחל דיין זונעלע, אויב זי האָט דיך מיט וואָס נישט איז באַליידיקט, אָדער פאַרשאַפט עגמת נפש. גלויב, אַז דאָס איז קיינמאָל נישט געטאָן געוואָרן אומישנע. זאָל אונז גאָט צושיקן ערפאָלג אויפן ים און אויף דער יבשה און בענטשן אונזער פלאָט. אויב דו ווילסט, אַז איך זאָל זיין מיט דיר אַ ביסל, שיק נאָך מיר, נאָך אָלגען און נאָך טאַטיאַ־נען. מיר זעען זיך אַזוי ווייניק איינער מיטן אַנדערן. און ס׳איז דאָ אַזויפיל צו ריידן און צו פרעגן. געוויינלעך איז נישטאָ ווען, ווייל צום שלאָפן גיין זיינען מיר שוין זייער מיד און אינדערפרי, ווידער, איילט מען זיך. דעם בריוו וועל איך פאַר־ענדיקן מאָרגן פרי.

דעם 21־טן. איך שיק דיר מיינע תפילות, מיינע געדאַנ־קען און מיין צאַרטסטע ליבע, זאָל עס דיר ביישטיין אין דיין גאַנצן וועג. טייערע ליבע מיינע, זאָל דיך גאָט בענטשן און זאָל דיך די הייליקע מוטער פאַרהיטן פון אַלדאָס בייז. מיינע

שענסטע ברכות. אָן אַ שיעור קוש איך און דריק דיך צו מיין האַרצן, מיט אַ גרענצלאָזער ליבע און צאַרטקייט. אויף איי־ביק, מיין ניק.

דיין אייגן, קליינטשיק וויבעלע.

איך שרייב דיר איבער גר.[1]) טעלעגראַמע אויף אויסנ־וויניק.

„נאָכן אויפנעמען די הייליקע סודות האָט זיך פון בעכער באַוויזן פאַר מיר אַ גייסטיקער געשפענסט פון געטלעכער גרויסער פרייד. מאַך, אַז די תּקיפות פון הימל זאָל זיין מיט דיר אין וועג, אַז מלאכים זאָלן זיין אין די רייען פון אונזערע זעלנער, כּדי צו באַגלייטן אונזערע מוטיקע גבורים מיט פרייד און נצחון".

איך בענטש דיך.
איך ליב דיך.
איך ביינק נאָך דיר.

№ 9

צארסקאָיע סעלאָ, 21־טן אָקטאָבער 1914.

טייערער מיינער, ליבער.

דיין דעפּעשע איז געווען פאַר מיר אַזאַ אומגעריכטע שמחה. איך דאַנק דיר פאַר איר פון גאַנצן האַרצן. ס'איז גוט, וואָס דו און נ. פּ. זייט אייך דורכגעפאָרן אויף איינער פון די נאָנטע סטאַציעס. דיך האָט דאָס געוויס אָפּגעפרישט. ס'איז מיר געווען אַזוי אומעטיק, ווען איך האָב געזען דיין איינזאַמע פּי

1) גריגאָרי ראַספּוטין.

גור שטייענדיק אין טיר פון וואַגאָן. ס'האָט אויסגעזען אַזוי נישט נאַטירלעך, וואָס דו פאָרסט אַוועק אַליין. דאָס איז אַלץ אַזוי מאָדנע אָן דיר. דו ביזט אונזער מיטלפונקט, אונזער זון. איך האָב דערשטיקט מיינע טרערן, בין אַוועק אין שפּיטאָל און האָב געאַרבעט שווער אין משך פון צוויי שעה. זייער שווערע וואונדן. דאָס ערשטע מאָל האָב איך אַרומגעגאָלט אַ סאָלדאַט אַ פוס דערנעבן און אַרום דער וואונד. כ'האָב געאַרבעט היינט אינגאַנצן אַליין, אָן אַ שוועסטער און אָן אַ דאָקטאָר. מער נישט די פירשטין איז געקומען געוואָר ווערן איינעם פון די פאַרוואונדעטע. איך האָב געבעטן, זי זאָל מיר זאָגן, צי דאָס, וואָס איך האָב בדעה געהאַט צו טאָן, וואָלט געווען גוט. די לאַנגווייליקע פריילן אַנענקאָוו האָט מיר דערלאַנגט צו דער האַנט די זאַכן, וועלכע איך פלעג בעטן. דערנאָך זיינען מיר אַוועקגעגאַנגען אין אונזער קליינעם שפּיטאָל און האָבן פאַרבראַכט אין פאַרשידענע צימערן מיט די אָפיצירן. נאָכדעם זיינען מיר אַוועק אינם קליינעם טעמפל, אין הייל, וואָס אונטערן פּאַלאַץ-שפּיטאָל. אין יעקאַטערינעס צייטן איז דאָרט געווען אַ קלויסטער. דעמדאָזיקן טעמפל האָט מען אויסגעבויט צום אָנדיינק פונם 300-יעריקן יובילעאום. עס איז וואונדערלעך-שיין. אַלץ איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך ווילטשקאָווסקין, אַן עכט אַלט-וויזאַנטישער סטיל, אַבסאָלוט ריכטיק. דו מוזט עס זען. זונטיק צען אַ זייגער וועט זיין די הייליקונג פונם טעמפל, און מיר וועלן אַוועקפירן אַהין אונזערע אָפיצירן און סאָלדאַטן, וואָס קאָנען זיך נאָך באַוועגן. דאָרט זיינען פאַראַן טאָוולען מיט די נעמען פון די פאַרוואונדעטע און געשטאָרבענע אין אַלע אונזערע שפּיטאָלן אין צאַרסקאָיע סעלאָ, ווי אויך פון יענע אָפיצירן, וואָס האָבן באַקומען געאָרגי-קרייצן אָדער גאָלדן געווער. נאָכן טיי זיינען מיר אַוועק אין די שפּיטאָלן פון מ. און א.[1]). זיי האָבן עטלעכע שווער-פאַרוואונדעטע. איבן געפּי-

[1]) דעם קיסרס טעכטער מאַריע און אַנאַסטאַסיע.

צן זיך פיר אָפּיצירן אין פיר היימלעכע צימערן. נאָכדעם האָב איך אויפגענומען דריי אָפּיצירן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַקטיווער אַרמיי. איינער איז געלעגן אין אונזער שפּיטאָל און די איבעריקע צוויי—אין דער געמיינדע פון רויטן קרייץ. נאָכדעם האָב איך אָפּגערוט.

איך לעכץ זייער נאָך ידיעות פון שוואַרצן ים, גאָט זאָל געבן, אַז אונזער פלאָט זאָל האָבן ערפאָלג. איך רעכן, אַז זיי גיבן נישט קיין ידיעות דערפאַר, כדי דער שונא זאָל נישט דערגיין דאָס אָרט, וואו זיי געפינען זיך, דורך דער הילף פונם אַנדראָטיקן טעלעגראַף.

היינט ביינאַכט איז ווידעראַמאָל געווען זייער קאַלט. איך וואָלט געוואָלט וויסן, צי שפּילסטו אין דאָמינאָ. אָ, מיין ליבער, ווי עס איז איינזאַם אָן דיר! וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, וואָס מיר האָבן אויפגענומען דאָס הייליקע אָוונטמאָל פאַר דיין אָפּ-פאָר. וואָס פאַר אַ גרויסע זאַך דאָס איז, אויפצונעמען אין אַזוינע מינוטן דאָס הייליקע אָוונטמאָל, און עס ווילט זיך העלפן די אַנדערע, אַז זיי זאָלן זיך אויך דערמאָנען, אַז גאָט האָט דידאָזיקע שמחה געגעבן פאַר אַלעמען, נישט ווי אַ זאַך, וואָס מען איז זי מחויב צו מאַכן יעדעס יאָר בשעתן פאָסט, נאָר אַלעמאָל. ווען איך האָב צו טאָן מיט מענטשן, וועגן וועלכע איך ווייס, אַז זיי ליידן גרויסע יסורים, און איך פאַרבלייב מיט זיי אויג אויף אויג, באַריר איך תמיד דידאָזיקע טעמע, און מיט גאָטס הילף געלינגט עס מיר פיל מאָל זיי צו צווינגען צו פאַרשטיין, אַז דאָס קאָן מען מאַכן און אַז דאָס איז גוט, און עס טרייסט און באַרואיקט דאָס מידע האַרץ. איך האָב אויך גערעדט מיט איינעם פון אונזערע אָפּיצירן, און ער איז איינגע-באַנגען דערויף, און נאָכדעם איז ער געווען גליקלעך און שטאַרק ביי זיך, און אים איז אַ סך לייכטער געווען איבערצו-טראָגן זיינע יסורים. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז איינע פון אונזערע וויכטיקסטע פרויע-פליכטן—באַמיען זיך צו ברייגנען מער מענטשן צו גאָט, געבן זיי צו פאַרשטיין, אַז גאָט איז צו-טריטלעכער און נענטער צו אונז, און ער וואַרט אויף אונזער

ליבע און צוט־וי און אויף דער ווענדונג צו אים. אַ סך מענטשן האַלט אָב דאָס געפיל פון שעמעריי און די פאַלשע גאוה. דעריבער דאַרף מען זיי העלפן דורכברעכן דידאָזיקע וואַנט. דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט האָב איך נאָר־וואָס געדעט מיט א גלח, אַז די גייסטלעכע באַדאַרפן, מיין איך, מער ריידן מיט די פאַרוואונדעטע אין דעם זין, זייער פשוט און אוממיטלבאַר, נישט ווי אַ קלויסטער־דרושה.

זיי האָבן ממש קינדישע נשמות און בלויז צייטנווייז נויטיקן זיי זיך אין מאַנכע אָנווייזונגען. מיט אָפיצירן איז שווערער לויט אַן אַלגעמיינעם כּלל.

דעם 22-טן. וואָס מאַכסטו, מיין אוצרל! אינם קליינטשקן קלויסטערל האָב איך היינט אינדערפרי אַזוי געבעטן צו גאָט פאַר דיר. איך בין געקומען אויף די לעצטע צוואַנציק מינוט. עס איז געווען אַזוי אומעטיק אײַנצובויגן דאָרט די קני אַליין אָן מיין אוצרל. איך האָב נישט געקאָנט אײַנהאַלטן די טרערן. דערנאָך אָבער האָב איך אַ טראַכט געטאָן, ווו דו באַדאַרפסט זיין צופרידן, וואָס דו געפינסט זיך נענטער צום פראָנט און מיט וואָס פאַר אַן אומגעדולט עס וואַרטן דיך היינט אינדערפרי אָפּ די פאַרוואונדעטע אין מינסק. מיר האָבן באַנדאַזשירט די פאַרוואונדעטע פון צען ביז עלף און נאָכדעם זיינען מיר אַוועק אין גרויסן שפיטאָל צוליב דריי גאַנץ ערנסטע אָפּעראַציעס: מען האָט באַדאַרפט אַראָפּנעמען דריי פינגער, מחמת עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ בלוטפאַרגיפטונג, און די פינגער זיינען שוין אינגאַנצן צעפוילט געוואָרן. ביים צווייטן האָט מען באַדאַרפט אַרויסנעמען אַ שטיקל קויל און נאָך ביי איינעם—אַ סך שטיקעלעך פון אַ צומורשטן ביין אין פוס. איך בין אַדורכגעגאַנגען עטלעכע פּאַלאַטעס. אינם גרויסן שפיטאָל־קלויסטער האָט מען מתפלל געווען, און מיר האָבן אויף דער אויבערשטער גאַלעריע ביי אַ מינוט געקניט בשעת דער תפילה פאַר דעם קאַזאַנישן הייליקן בילד פון גאָטס מוטער. דיינע שיסער לאַנגווייליקן זיך אָן דיר. איצט מוז איך גיין אין לאַגער אין צוג נומער 4.

זיי געזונט, מיין ליבער ניקי, איך בענטש און קוש דיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

אויף שטענדיק דיין אייגן קליין ווייבעלע. איך גריס אַלע-מען, באַזונדערס נ. פּ. איך בין צופרידן, וואָס ער איז מיט דיר—מיט אים איז דיר וואַרעמער.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 22 אָקטאָבער 1914.

מיין געליבטער.

שוין זיבן אַ זייגער, און פון דיר איז נאָך נישטאָ קיין שום ידיעה. נו, בין איך אַוועק באַקוקן מיין לאַגער-צוג נומער 4 מיט מעקן. היינט אין אָוונט גייט ער, דאַכט זיך, אָפּ קיין ראַדאָם און פון דאָרט וועט מעק פאָרן זיך זען מיט ניקאָ-לאַשען, ביי וועלכן ער האָט צו פרעגן עטלעכע פראַגן. בסוד האָט ער מיר געזאָגט, אַז עלאַ*) וויל פאָרן אַ קוק טאָן מיין לאַגער אין לוואָוו, אָבער אַזוי, אַז קיינער זאָל דערפון נישט וויסן. זי וועט קומען אַהער אַזוי, אַז דער מאָסקווער עולם זאָל גאָרנישט וויסן—אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער. מיר זיינען שרעקלעך מקנא איר און Ducky, אָבער מיר פאַרהאָפן דאָך, אַז דו וועסט שיקן נאָך אונז, כּדי מיר זאָלן זיך קאָ-נען זען מיט דיר. עס וועט זיין שווער זיך צו שיידן מיט בע-בין, מיט וועלכן איך האָב מיך קיינמאָל אויף לאַנג נישט צע-שיידט, אָבער דערווייל איז ער געזונט און מ. און אַ. זיינען

*) די גרויספירשטין יעליזאַוועטע פיאָדאָראָוונע, דער קייזערינס אַ שוועסטער.

דאָ, אַלס געזעלשאַפט פאַר אים, און איך וואָלט געקאָנט אַוועק־פאָרן. איך וואָלט אַודאַי געוואָלט, אַז דאָס זאָל זיין אַ נוצלעכע נסיעה. אַמבעסטן וואָלט געווען, ווען איך וואָלט געקאָנט פאָרן מיט מיין צוג, מיט איינעם פון די סאַניטאַר־צוגן, וואָס גייען צו זייער באַשטימטן פונקט, כּדי איך זאָל קאָנען זען, ווי אַזוי זיי נעמען די פאַרוואונדעטע, און ברייגנען זיי צוריק און גיין אַרום זיי. אָדער באַגעגענען זיך מיט דיר אין גראָדנע, ווילנע, ביאַ־ליסטאָק, וואו עס זיינען דאָ לאַזאַרעטן. אָבער איך לאָז עס אַלץ איבער אין דיינע הענט, דו וועסט מיר זאָגן, וואָס מען דאַרף טאָן, וואו איך קאָן דיך טרעפן, אין ראָוונע אָדער אין כאַרקאָוו, ווי דיר איז באַקוועם. וואָס וויינקער מען וועט וויסן, אַז איך קום צופאָרן, איז עס אַלץ בעסער. איך האָב אויפגענומען שולענבורגן. ער פאָרט מאָרגן אַוועק. מיין צוג, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך לאָמאַן און ק—אָ, גייט, שיינט מיר, אָפּ דעם 1־טן. נאָכדעם האָט די פירשטין געהאַלטן אַ לעקציע פאַר אונז. מיר זיינען אַדורכגעגאַנגען דעם גאַנצן קורס פון כירורגיע, מיט אַ גרעסערער צאָל געגנשטאַנדן, ווי געוויינלעך, און איצט האַלטן מיר ביי אַנאַטאָמיע און אינע־וויניקסטע קראַנקהייטן, מחמת די מיידעלעך באַדאַרפן עס אויך וויסן.

איך האָב פאַנאַנדערגעסאָרטירט די וואַרעמע זאַכן פאַר די פאַרוואונדעטע, וואָס קערן זיך אום אַהיים און וואָס גייען צו־ריק אויפן פראָנט. רעסין איז געווען ביי מיר און מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט, אַז מיר זאָלן קאָנען פאָרן מאָרגן נאָך האַלבן טאָג קיין לוגע אין מיין „ליכטהייזל”. דאָס איז געווען אַ דאַטשע, וואָס איז געשיינקט געוואָרן אַלעקסייען און איך האָב זי געמאַכט פאַר אַן אָפּטיילונג פון מיין „שול פאַר פאָלקסקונסט”. דאָרט אַרבעטן די מיידעלעך, זיי וועבן אַליין טעפּיכער און לערנען דידאַקטיקע מלאכה אויך די דאָרפי־שע פויערטעס. נאָכדעם וועלן זיי באַקומען בהמות און הינער און גרינוואַרג און וועלן זיך לערנען הויזווירטשאַפט. איצט

האָבן זיי אײַנגעאָרדנט צוואַנציק בעטלעך און גיבן אַכטונג אויף די פּאַרוואונדעטע. מיר האָבן געמוזט נעמען דעם שנעלן צוג, מחמת די געווײנלעכע צוגן גייען לאַנגזאַם און אין נישט באַקוועמע שעהן. אַניע, רעסין און נאַסטענקע*) וועלן אונז באַגלייטן. קיינער ווייס נישט דערפון. בלויז פּריילן שניידער ווייס, אַז אַ. און מ. פאָרן, אַנישט וואָלט זי געקאָנט צופעליק פאַרלאָזן דאָס הויז. מיר וועלן נעמען געווײנלעכע דראָזשקעס און וועלן פאָרן אין אונזער פאָרם פון באַרמהארציקע שוועסטער, כדי נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן, מחמת מיר פאָרן באַטראַכטן דעם לאַזאַרעט. מאַדאַם בעקער**) האָט מיר דערצײלט, אַז איר וואָלט מיר געווען אַ סך פּרייער. ווי געמיין דאָס איז, צו וואַרפן באָמבעס פון אַן אַעראָפּלאַן אויף דעם קעניג אַלבערטס ווילע, וואו ער וואוינט איצט. גאָט צו דאַנקען, קיין שאָדן האָבן די באָמבעס נישט פאַרשאַפט, אָבער איך האָב קיינמאָל נישט געהערט, אַז עמיצער זאָל וועלן דערהרגענען דעם ראש פון אַ מלוכה בלויז דערפאַר, ווייל ער איז אַייער שונא אין דער צייט פון מלחמה.

מיט צוגעמאַכטע אויגן קאָן איך אָפּרוען ביי אַ פערטל שעה פאַרן מיטאָג.

וואָס פאַר אַ גוטע ידיעות! מיר האָבן ווידעראַמאָל גענומען סאַנדאָמיר און אַ סך געפאַנגענע, שווערע האַרמאַטן און פּולעמיאָטן. דיין נסיעה האָט געבראַכט ערפאָלג און גאָטס ברכה. בעקי איז ווידער אַראָפּ, צו בעטן גאָט, מחמת איך האָב מיך געפילט זייער מיד. מיין הייליק בילד איז היינט אינדערפרי געווען אין קלויסטער און איצט היינגט עס ווידער אויף זיין אָרט. היינט אין אָוונט איז וואַרעמער. איך האָב געעפנט דאָס פענסטער. אַניע איז זייער גוט געשטימט און פרייט זיך מיט איר אָפּערירטן פריינט. זי האָט איהם געבראַכט צום לייענען

---

*) הויפפריילן גענדריקאָווו.

**) אַן אָפּגערעדטער וואָרטצייכן.

דיין „שויסקיס בהמה". „אַגוניושקע" האָט בשעתן מיטאָג אָנגעשריבן פאַר מיר אויפן מעניו—jai, tuas און אַז. וו., אַזוי גוט! ווי באַדאַרף דיר פעלן דאָס קליינישקע מענטשעלע! עס איז אַזאַ תּענוג, בשעת ער איז געזונט! ווי געווינלעך האָב איך דיר במחשבה געוואונטשן אַ גוטע נאַכט, אַ קוש געטאָן דעם קישן, און עס האָט זיך אַזוי געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיין מיט מיר. איך שטעל מיר פאָר אין געדאַנק, ווי דו ליגסט אין דיין אָפּטיילונג אין איך נויג מיך אָן צו דיר און בענטש דיך און קוש דיין ליב געזיכט. אַך, מיין ליבער, ווי דו ביזט מיר אומענדלעך טייער. ווען איך וואָלט דיר נאָר געקאָנט העלפן טראָגן דיין שווערע לאַסט—אַזויפיל שווערע לאַסטן דריקן דיך. אָבער איך בין זיכער, אַז דאָס אַלץ שטעלט זיך פאָר און פילט זיך איצט גאָר אַנדערש, ווען דו ביזט דאָרט; דאָס וועט דיך אָפּפרישן און דו וועסט הערן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן. וואָס טוט אונזער פלאָט פון שוואַרצן ים? דאָס ווייב פון מיין פריערדיקן „קרימער" ליכאַטשאָוו האָט געשריבן אַניען פונם האָטעל „קיסטאַ"*), אַז אַ האַרמאַטנקויל האָט זיך אויפגעריסן גאָר נאָענט פון דאָרט. זי פאַרזיכערט, אַז איינער פון אונזערע שאָסן האָט געטראָפן אין אַ דייטשער שיף, אָבער אונזערע מינעס האָבן זי נישט אויפגעריסן, מחמת זייער עבערהאַרד האָט (ווי זאָגט מען דאָס? „ausgeschaltet". איך קאָן נישט געפינען קיין וואָרט, דער קאָפּ איז גאָר פאַרדולט געוואָרן. אונזער עסקאַדרע איז זיך מסתּמא מכין געווען אַרויסצוגיין. ווי זי שרייבט, האָבן זיי געהאַלטן אין אָנוואַרעמען די קעסלען, בשעת עס האָט אויסגעבראָכן די שיסעריי. נו, דאָס קאָן אויך זיין בלויז ווייבערשע פלוידעריי, אפשר אַן אמת און אפשר נישט. איך לייג דאָ אַריין ק ע ל ע ר ס טעלעגראַמע, וואָס איז געשיקט געוואָרן דורך איוואַנאָוון אויפן נאָמען פון פ ר ע ד ר י ק ס פאַר מיר. מסתּמא אַן ענטפער אויף מיין טעלעגראַמע, וואָס האָט אים באַגריסט מיטן געאָרגי-קרייץ. אין וואָס פאַר אַ נערוויאישן צושטאַנד באַדאַרף זיך איצט גע-

*) אין סעוואַסטאָפּאָל.

פינען באָטקין מחמת סאַנדאָמיר איז געגומען געוואָרן. איך וואָלט געוואָלט וויסן, צי עס לעבט נאָך איצט זיין בידנער זון. אַניע שיקט דיר ביסקוויטן, אַ בריוו און פאַנאַנדערגעעפנטע צייטונגען. מאָרגן בייטאָג וועל איך קיין צייט נישט האָבן צו שרייבן, מחמת מיר גייען אויף אַ האַלב שעה אין קלויסטער, נאָכדעם אין לאַזאַרעט, און צו האַלב צוויי אַ זייגער קיין לוגע, און צוריק—אַ זייגער זיבן. איך וועל ליגן אין צוג, די נסיעה באַדאַרף געדויערן צוויי שעה אַהין און צוריק. זיי געזונט, מיין זונעלע, מיין אייגענער, שלאָף גוט, הייליקע מלאכים זאָלן באַשירמען דיין געלעגער און די הייליקע יונגפרוי זאָל דיך אָפּהיטן. מיינע צאַרטע מחשבות און רעיונות דרייען זיך תמיד אַרום דיר. איך בייבק נאָך דיר און לעבן נאָך דיר און די מינוטן פון מיין איינזאַמקייט ליגן זיך שווער אין מיין נשמה. איך בענטש דיך.

דעם 23-טן. גוט מאָרגן, מיין ליבער. עס איז ליכטיק און זוניק. היינט אינדערפרי האָבן מיר געהאַט ווייניק אַרבעט, איך האָב די גאַנצע צייט געקאָנט זיצן און איך בין נישט מיד. מיר זיינען געגאַנגען אַ ווייל צו מאַדאַם לעוויצקי, אַ קוק צו טאָן אויף אירע אַכצן פאַרוואונדעטע. דאָס זיינען אַלץ אונזערע אַלטע פריינט. איצט באַדאַרפן מיר אָפּעסן און אַוועקגיין.

ס׳אַראַ פאַרדראָס! גרעפין אַדלערבערג האָט זיך דערוואוסט, אַז מיר פאָרן און זי וויל אויך מיטפאָרן מיט אונז. אָבער איך האָב געהייסן איזען*) זאָגן, אַז זי ווייס פון גאָרנישט און אַז קוים רייד איך נישט, מסתמא איז עס אַ באַוויז, אַז איך וויל, מען זאָל נישט וויסן, כדי איך זאָל אַלץ קאָנען בעסער זען, אַנישט וועט אַלץ זיין אונטערגעשטעלט און איינגעאָרדנט פאַר מיר. זיי געזונט, מיין ליבער, איך בענטש און קוש דיך נאָך און נאָכאַמאָל.

דיין אייגן ווייבעלע.

אַ גרוס נ. פּ., וועלכן מיר שיקן דאָסדאָזיקע בילדל.

---

*) הויפּפריילין באראָנעסע בוקסהעווען.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 23 אָקטאָבער, 1914.

טייערע ליבע מיינע.

איך דאַנק גאָט פאַר די גוטע ידיעות וועגן דעם, וואָס די עסטרייכישע אַרמיי טרעט אָפּ אויפן גאַנצן פראָנט פון טייך סאַן. וואָס פאַר אַ גוטע ידיעות וועגן טערקיי. יעדיגאַראָוו איז ממש משוגע פון שמחה, מיין „קרימער" אויך דאָסזעלבע. אַנט-שולדיק מיר, וואָס איך האָב דיר פאַרגעסן צו שיקן אַניעס ביסקוויטן, אָבער איך האָב מיך געמוזט אַזוי אײַלן ביים פאַר-קלעפן דעם בריוו פאַר אונזער אָפּפאָר, אַז איך האָב פאַרגעסן צו שיקן די ביסקוויטן. איך וועל זיי שיקן מאָרגן. אונזער עקספּעדיציע קיין לוגע איז געווען זייער געלונגען. אַז מיר זיינען געקומען אויף דער סטאַציע, האָט אונז באַגעגנט די אַלטע פריילן שערעמעטיעווו (פרוי טימאַשעווס אַ שוועסטער). זי האָט מיר געזאָגט, אַז דאָרט זיינען דאָ צוויי לאַזאַרעטן, און איר איז איינגעפאַלן, אַז מיר זיינען געקומען ספּעציעל צוליב זיי. איך האָב איר געזאָגט, אַז מיר וועלן פאָרן אַהין נאָכן „ליכטהייזעלע". מיר זענען געפאָרן אויף דריי דראָזשקעס, מיטן פּאָליציישעף פאָרויס, אין גרויסאַרטיקע טאַראַטייקעס. די דריי שפּיטאָלן זיינען געווען זייער ווייט פון איינאַנדער, אָבער מיר האָבן געהאַט גרויס תענוג פון דערדאָזיקער פּרימיטיווער נסיעה איבער די גאַסן און איבער די זאַמדיקע וועגן אינם סאָסנע-וואַלד, גאָר נאָענט פון יענעם אָרט, וואו מיר האָבן אַמאָל שפּאַצירט נעבן דער אָזערע. פריילן שניידער איז שטאַרק

איבערראַשט געוואָרן, ווען זי האָט אונז דערזען, מחמת זי האָט נישט באַקומען די טעלעגראַמע, און זי האָט געלאַכט נערוויאיש און אויפגערעגט אין משך פון צוואַנציק מינוט, וואָס מיר האָבן דאָרט פאַרבראַכט. צוואַנציק סאָלדאַטן ליגן אין דער קליניטש-קער דאַטשע. זיי זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן ביי סוואַלק אין די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער; אָבער די וואונדן זיינען לייכ-טע. מען האָט זיי עוואַקואירט קיין גראָדנע. זיי זיינען אַלע געקומען אין דעמזעלבן צוג. צוזאַמען אַכציק מענטשן, על-פּי-רוב קאַווקאַזישע פּאָלקן. איינער פון עריוואַן, וואָס האָט אונז געזען אין ליוואַדיע. טימאַשעווס אַ טאָכטער איז געווען אַ באַרמ-האַרציקע שוועסטער אין אַ שפּיטאָל, און די צווייטע—שערעמע-טיעווס יינגערע שוועסטער—איז געשטאַנען אין שפּיץ פון אַ צווייטן שפּיטאָל, נעבן די אַרטילערישע קאַזאַרמעס. דאָרט האָב איך גאָר אומגעריכט געפונען פרידען. אַ סך סאָלדאַטן האָבן זיך שוין מכין געווען אומצוקערן זיך איניגיכן אויפן פראָנט. שוין צוויי חדשים ווי אויף דער סטאַציע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קיך און דאָך בלייבט דאָרט נישט שטיין קיין איין סאַניטאַר-צוג. צוריקוועגס האָבן מיר געטרונקען טיי. מיר האָבן אַ סך אָנגעשטריקט, און רעסין האָט אונז געוויילט. עס איז גע-ווען אַ שיין וועטער, נישט זייער קאַלט. איצט איז שוין באַלד איינס אַ זייגער. איך מיין, אַז איך דאַרף מיך באַמיען איינצו-שלאָפן. אין די אַלע נעכט האָב איך ווייניק געשלאָפן, הגם איך האָב געהאַלטן אָפן דאָס פענסטער ביז דריי אַ זייגער פאַר-טאָג. דער קליינער בעבי איז געפאָרן אויפן מאָטאָר אין גאָרטן. מ(אַריע) און אַ(נאַסטאַסיע) זיינען זיך דורכגעפאָרן מיט איזען; זיי זיינען געפאָרן אין זייער שפּיטאָל און האָבן נאָכדעם גענאַר-בעט אין לאַגער. איך האָב אויפגענומען אַליען, וואָס פאָרט זונטאָג מיט איר מאַן ביז יענעם אָרט, וואו מישע געפינט זיך. זיי מיר געזונט, מיין זונעלע, מיין זיסער, שלאָף רואיק און פיל אַרום זיך די נאָענטקייט פון דיין ווייבעלע.

דעם 24-טן. איך באַדאַרף ענדיקן דעם בריוו, נאָכדעם איז פרישטיק, טו איך מיך איבער און גיי אין שטאָט, אין מיין

לאַגער, און אויב מיין קאָפּ וועט נישט ערגער ווערן—איז אין מיין קרעסטאָוואָזדוויזשינסקער געמיינדע. מיר האָבן געאַרבעט דעם גאַנצן פרימאָרגן, און עס איז געווען זייער טרויעריק זיך צו געזעגענען מיט מיינע פינף „קרימער" און מיטן אולאַנער עליס, וואָס פאָרן אַרויס קיין סימפעראָפּאָל און קוטשוק צוזאַמען מיט דריי אַנדערע, מיט אַ שוועסטער און מיט אַ סאַניטאַר. מאַדאַם מופטי-זאַדע איז געקומען פון קרים און האָט מיר געבראַכט רויזן און עפּל. זאָל דיך גאָט בענטשן, מיין ליבער מלאך. איך קוש דיך אַזוי צאַרט.

דיין אייגן „זונעלע".

גאָט צו דאַנקען, מיין אַלעקסאַנדראָווער עסקאַדראָן האָט זיך אָפּגעפּונען. איך האָב מיך אַזוי באַאומרואיקט וועגן זיי. אַ גרוס נ. פּ.

צארסקאָיע סעלאָ, 26 אָקטאָבער 1914.

מיין טייערער.

איך האָב מורא, אַז מיינע בריוו זיינען אַ ביסל לאַנגווייליק, מחמת מיין האַרץ און מוח זיינען אַזוי איינגעמידט און איך באַדאַרף נאָך ריידן מיט דיר אַלץ דאָסזעלבע. היינט האָב איך, אַלזאָ, געשריבן, וואָס מיר האָבן געטאָן. נאָכן טיי זיינען מיר אַוועק מיט אַלעקסייען און אַניען אין שפּיטאָל און זענען דאָרט געזעסן אָנדערטהאַלבן שעה צייט. טעלעכע אָפּיצירן זיינען אַוועק אין שטאָט, נישט ווייסנדיק, אַז מיר זיינען געקומען. טידעלס האָט מיר נאָר-וואָס געבראַכט אַ טעלעגראַמע פון באָט-

קינען. גאָט צו דאַנקען, ער האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז זיין זון האָט זיך שטאַרק פאַרבעסערט, אַז מען פאַסט אים גוט אויף, נאָר אַז מען האָט אים דעם 1־טן אָקטאָבער אַוועקגעפירט קיין בודאַפּעשט. באָטקין קערט זיך אום אַהער דורך כּעלם.
ווי גוט דאָס איז, וואָס דו ביזט דאָרט געווען אין קלויסטער. עס וואָלט זיך אַזוי געוואָלט וויסן, צי דו קאָנסט אַרויספאָרן אַ קוק טאָן לובלין אָדער אין אַן אַנדער אָרט זיך זען מיטן מיליטער. איך בין אַזוי צופרידן, וואָס די פירשטין און ציידלער האָבן באַשלאָסן, אַז מען דאַרף נישט אָפּערירן שעסטעריקאָוון און רודניעוון, מען קאָן די קוילן איבערלאָזן. דאָס איז זיכער, מחמת די קוילן זיצן זייער טיף און פאַרשאַפן נישט קיין שום יסורים. ביידע זיינען גליקלעך, שפּאַצירן ווידער אַרום און זיינען היינט אינדערפרי אַוועק אויף דער הייליקונג פונם קליינטשיקן קלויסטערל. מיר האָבן אייגגעפונען, אַז קוליניעוו זעט אויס ערגער, בלאַסער איז ער געוואָרן און ער קלאָגט זיך נעבעך אויפן קאָפּ. דער יונגער קרוזענשטערן האָט זיך אומגעקערט צוריק אין פּאָלק. בעבי זאָגט זיין אָוונט־תּפילה דאָ אונטן, כּדי איך זאָל מיך נישט באַדאַרפן אויפהויבן אין דער הויך, מחמת איך אַרבעט איצט אַ סך און איך פיל, אַז מען באַדאַרף אָפּהיטן דאָס האַרץ. סוף־כּל־סוף האָט מיך ערשט היינט פאַרלאָזט דער אינזש־מעב.*). דאָס איז געווען אַן אומענדלעכער וויזיט. היינט איז אַ וואָך, ווי מיר האָבן זיך צעשיידט, און די ביינקשאַפט נאָך דיר פילט אָן מיין האַרץ. מיין מלאך פעלט מיר שטאַרק, אָבער אַז איך דערמאָן מיך אין דער שמחה פון די אַלע, וואָס זעען דיך און ווי דו ביזט צופרידן, וואָס דו געפינסט זיך דאָרטן, באַקום איך פרישע כּוחות. איך וואָלט געוואָלט וויסן, צי שפּילסטו אין אָוונט אין דאָמינאָ. מיר רעכענען אַרויסצופאָרן מאָרגן צו געאָרגיען, צו זען זיינע פאַרוואונדעטע. ער וייס נאָר, אַז די עלטערע מיידעלעך וועלן

---

*) אַן אָפּגערעטער וואָרטצייכן.

זיין, וועגן זיך האָב איך נישט גערעט. נאָכדעם וועל איך בעטן, איך זאָל מיך קאָנען זען מיט סערגייען און וועל באַטראַכטן עטלעכע קלענערע שפּיטאָלן. איצט בענטש איך און קוש דיך שטאַרק אין מיינע מחשבות. איך דאַרף פאַרלעשן דעם לאָמפּ און זיך לייגן שלאָפן. איך בין זייער מיד.

דעם 27־טן. עס פרייט מיך אַזוי, וואָס דו ביזט צופרידן מיט דיין עקספּעדיציע. מיר האָבן געהאַט זייער אַ באַשעפטיקטן טאָג–דריי אָפּעראַציעס אינדערפרי און דערצו נאָך שווערע אַזוי, אַז איך האָב קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרברייינגען מיט די אונזעריקע אינם קלייניטשקן הייזל. היינט בייטאָג זיינען מיר געווען אין שטאָט, באַזוכט געאָרגיען–די פאַרוואונדעטע זיינען געלעגן אין גרויסן צימער, זיי זיינען, דאַכט זיך, צופרידן. איך בין געזעסן מיט סערגייען און האָב אַיינגעזען, אַז ער האָט זיך שטאַרק געענדערט–דאָס געזיכט גרוי, אָנגעבלאָזן, מאָדנע אויגן. אים איז עטוואָס לייכטער, אָבער עס איז געווען זייער שלעכט. דאָרט האָב איך געזען דעם אַלטן זאַנדער. נאָכדעם זיינען מיר געווען אינם פּאַלאַץ־שפּיטאָל, וואו עס ליגן פאַר־וואונדעטע און געוויינלעכע חולאים. דאָרט האָב איך געפונען דעם הער סטואַרט. ער ליגט שוין דאָרט זעקס וואָכן צייט. ער האָט אַ טיפאָאיד*). פון דאָרט זיינען מיר אַוועק אין דער קאָנ־סטאַנ(טינאָווער) שולע אויף דער פאָנטאַנקע. דאָרט זיינען דאָ 35 מענטשן, עטלעכע איזמייל(אָווער) אָפיצירן. איך בין מיד. טאַנייעוו**) וועט זיין ביי מיר זעקס אַ זייגער און סוועטשין וועט קומען מיט אַ באַריכט האַלב זיבן. דו פעלסט מיר שטענ־דיק, מיין זונעלע, איך טראַכט פון דיר מיט צאַרטער ליבע. זאָל דיך גאָט בענטשן און באַשירמען, מיין ליבער ניקי, מיין גרויסער אַגוניושקע, איך קוש דיך אַ סך מאָל.

שטענדיק דיין ווייב „זונעלע".

אַלע מיידעלעך שיקן דיר זייער ליבע. אונזער גרוס נ. פּ.

---

*) אַ לייכטע פאָרם פון אַ בויך־טיפוס.

**) דער פאָטער פון פרוי ווירובאָוו.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 27 אָקטאָבער 1914.

מיין ליבער טייערער ניקי.

איך האָב מיך פריער געלייגט אין בעט, ווייל איך בין זייער מיד. דער טאָג האָט שטאַרק באַשעפטיקט, און אַז די מיידעלעך זיינען אַוועק שלאָפן עלף אַ זייגער, האָב איך מיך אויך צעזעגנט מיט אַניען. היינט אינדערפרי איז זי געווען גע־שטימט צו מיר נישט זייער ליבנסווירדיק. מען קאָן אפילו זאָגן, אַז זי איז געווען גראָב, און היינט אין אָוונט איז זי געקומען אַ סך שפעטער פון יענער שעה, אין וועלכער זי האָט באַדאַרפט קומען, ווי איך האָב זי געבעטן, און האָט זיך מאָדנע באַגאַנ־גען מיט מיר. זי פלירטעוועט זייער שטאַרק מיטן יונגן „אוּ־קראַינער", אָבער דו פעלסט איר, זי בייבקט נאָך דיר — צייטנ־ווייז איז זי געוואַלדיק פריילעך. זי איז אַוועק אין שטאָט אַריין (צופעליק) מיט אַ גאַנצער פאַרטיע פון אונזערע פאַר־וואונדעטע און האָט זיך זייער פריילעך געוויילט אין צוג. זי מוז תמיד שפילן עפעס אַ ראָל און נאָכדעם דערציילט זי לוי־טער פון זיך און פון יענע באַמערקונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף איר חשבון. פון אָנהויב האָט זי יעדן טאָג גע־בעטן אָפּעראַציעס, אָבער איצט זיינען זיי איר נמאס געוואָרן, מחמת אַזויאַרום איז זי געצוואונגען צו פאַרלאָזן איר יונגן פריינט, הגם זי באַזוכט איהם טאָג־טעגלעך און אויך אין אָוונט.

עס איז נישט גוט, וואָס איך מורמל אויף איר, אָבער דו ווייסט דאָך, ווי אַזוי זי קאָן זיין אומדערטרעגלעך. אָט

וו:סטו זען, אַז דו וועסט זיך אומקערן, וועט זי דיר נעמען דערציילן, ווי שרעקלעך זי האָט געליטן אָן דיר, הגם זי האָט זייער ליב צו פאַרבלייבן אַליין מיט איר פריינט, פאַרדרייען אים דעם קאָפּ און בעת מעשה קיין איין מינוט נישט פאַרגעסן אין זיך. זיי ליב און פעסט, בשעת דו וועסט זיך אומקערן און דערלאָז איר נישט, זי זאָל אַרויפטרעטן אויפן פוס און אַז. וו. אַנישט וועט נאָכדעם נאָך ערגער זיין מיט איר, מען מוז שטענדיק אָפגיסן מיט קאַלטן וואַסער.

איר פאָטער איז געקומען מיט אַ באַריכט און נאָכדעם סוועטשין וועגן די מאָטאָרס, וואָס ער האָט באַקומען פאַר אונזערע צוגן. עס וואָלט זיך געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ נייס האָבן מיר היינט. זי (אַניע) זאָגט, אַז אונזער פריינט באַ־אומרואיקט זיך אַ ביסל. מעגלעך, אַז מאָרגן וועט ער אַלץ זען אין אַ בעסערן שיין און ער וועט נאָך פלייסיקער מתפלל זיין פאַר אונזער ערפאָלג. מיין בעקער האָט מיר טעלעגראַפירט פון וואַרשע, דערציילנדיק מיר, אַז מיינע עסקאַדראָנען האָבן זיך פינף וואָכן געפונען צווישן דעם שונא. זיי האָבן פאַרלאָרן אַן אָפיציר און 23 סאָלדאַטן.

איך פאַרשטיי זייער גוט, אַז דו האָסט קיין צייט נישט געהאַט מיר אָנצושרייבן און איך בין דיר דאַנקבאַר געוועזן פאַר דיינע טעגלעכע טעלעגראַמעס. איך וויס, אַז דו טראַכסט וועגן מיר און אַז דו ביזט באַשעפטיקט אַ גאַנצן טאָג. טייערער אוצר, דאָס איז מיין זיבעטער בריוו. איך פאַרהאָף, אַז דו האָסט אַלע באַקומען. צי באַשעפטיקט זיך ג. פּ. מיט פאָטאָגראַ־פיע? ער האָט, דאַכט זיך, מיטגענומען מיט זיך אַן אַפּאַראַט. מיר האָבן ווידער באַקומען אַ בריוו פון קעלערן. מעריקע, די צווייטע טאָכטער פון דער גרעפין קאַדלאָוו, איז אַ כלה געוואָרן מיטן קאַוואַלערגאַרדיסט אָרזשעצקין, וואָס איז אַלט 22 יאָר. די מוטער איז נישט צופרידן.

אין די צייטונגען האָב איך געזען, אַז דער גריכישער דזשאָרדזשי איז אַרויסגעפאָרן מיט דער ווייב פון קאָפּענהאַגען קיין גריכנלאַנד דורך דייטשלאַנד, פראַנקרייך, איטאַליע. איך

וואונדער מיך, ווי אַזוי מען האָט זיי דורכגעלאָזט.

. וואָס טוט עבערהאַרד? זיי האָבן באָמבאַרדירט פּאַטי.

אַך, דידאָזיקע אומגליקלעכע מלחמה. טיילמאָל איז נישטאָ קיין כּוח צו הערן פון איר. די שרעקן פון די בלוטפאַרגיסונ-גען פייניקן דאָס האַרץ. בלויז די אמונה, די האָפנונג און דער צוטרוי צו דער אומענדלעכער גערעכטיקייט פון בורא האַלט אונטער דעם מוט. אין פראַנקרייך גייט עס צו זייער לאַנגזאַם, אָבער בשעת איך הער פון אַן ערפאָלג און אַז די דייטשן האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן, ווערט מיר דאָס האַרץ אַזוי פאַרציטערט ביים געדאַנק וועגן ערנין און זיין מיליטער און וועגן אַ סך באַקאַנטע נעמען.

אויף דער גאַנצער וועלט פאַרלוסטן. נו, עפּעס גוטעס באַדאַרף אַרויסקומען פון דעם אַלעם, און זיי אַלע האָבן נישט אומזיסט פאַרגאָסן זייער בלוט. דאָס לעבן איז שווער צו פאַר-שטיין. „אַזוי באַדאַרף עס צו זיין—לייד-צו אַביסל”. דאָס איז אַלץ, וואָס מען קאָן זאָגן.

עס וואָלט זיך אַזוי געוואָלט, אַז די רואיקע גליקלעכע צייטן זאָלן זיך אומקערן צוריק, אָבער מען דאַרף לאַנג וואַרטן, איידער מען וועט אונז אומקערן דעם שלום אין אַלע הינזיכטן. עס איז נישט גוט צו פאַרלירן דעם מוט, אָבער פאַראַן מינוטן, בשעת די לאַסט איז אַזוי גרויס, און זי דריקט דאָס גאַנצע לאַנד און דו מוזט זי טראָגן, ווי גרויס זי איז.

איך וואָלט דיר אַזוי געוואָלט פאַרקלענערן דידאָזיקע לאַסט, העלפן דיר זי אויסטראָגן, אַ גלעט טאָן דיין שטערן, צודריקן זיך צו דיר. אָבער בשעת מיר זיינען צוזאַמען, און דאָס געשיט אַזוי זעלטן, ווייזן מיר נישט אַרויס איינאַנדער, וואָס מיר פילן. יעדער מאַכט זיך מונטער צוליב דעם צווייטן און ליידט שווייגנדיק. אָבער מיר ווילט זיך אַזוי אָפט דיך איינשליסן פעסט אין מיינע אָרעמס און באַרואיקן דיין מידן קאָפּ אויף מיין אַלטער ברוסט. מיר האָבן צוזאַמען אַזויפיל איבערגעלעבט אין דידאָזיקע צוואַנציק יאָר, און אָן ווערטער האָבן מיר פאַרשטאַנען איינאַנדער. מיין דרייסטער יינגל, גאָט

זאָל אונז העלפן, און געבן זאָל ער דיר כּוח און שׂכל, טרייסט און ערפאָלג.

שלאָף גוט און גאָט זאָל דיך בענטשן, זאָלן די תּפילות פון די הייליקע מלאָכים און דיין ווייבעלע באַשירמען דיין שלאָף.

דעם 28-טן. גוט מאָרגן, מיין ליבער איך האָב זייער שלעכט געשלאָפן. ערשט נאָך פיר אַ זייגער בין איך איינגע-שלאָפן און נאָכדעם פלעג איך מיך אַלץ כסדר אויפכאַפּן. דאָס מאַכט אַזוי מיד, באַזונדערס, ווען דו האָסט אַ באַדערפעניש זיך גוט אויסצורוען. היינט איז וואַרעמער, אַ גרוי וועטער. אַקוראַט פאַר דעם, ווי איך האָב באַדאַרפט גיין אין שפּיטאָל, האָב איך באַקומען דיין טייערן בריוו. ווי גוט דאָס איז, וואָס דו האָסט אַזוי דערפרייט מיין האַרץ. איך דאַנק דיר פון מיין גאַנצן ליבנ-דיקן האַרץ. געוויס, מיר וועלן קומען מיט דעם גרעסטן פאַר-געניגן. זאָל וואָייקאָוו*) אַלץ איינאָרדנען און געבן זאָגן, ווען מיר האָבן זיך צו באַגעגענען. אפשר וואָלטן מיר זיך געקאָנט אָפּשטעלן אין וועג און באַטראַכטן עפּעס אַ לאַזאַרעט אין דווינסק אָדער ערגעץ אַנדערש—איך האָב געשיקט נאָך רע-סינען, איבערצושמועסן מיט אים וועגן דעם אַלעם. מיר פאָרן, אַלזאָ, מאָרגן אַרויס קיין פּסקאָוו, די נאַכט וועלן מיר שלאָפן אין צוג און מאָרגן צום מיטאָג וועלן מיר זיך אומקערן צוריק. בעפיס צוג וועט מסתּמא קומען דאָנערשטיק. מיר האָבן געזען מאַהיס צוג אויף דער אַלעקסאַנדראָווער סטאַציע—אַ גרויסער טייל איז געווען פאַרוואונדעט אין די פיס—זיי זיינען געקומען פון די וואַרשעווער שפּיטאָלן און גראָדנע.

איצט גייען מיר אין אַ צווייטן לאַזאַרעט. אויב עס וועט מעגלעך זיין, אויב עס וועט זיין צייט, וואָלט איך געוואָלט אויפן וועג צו דיר—זיך אָפּשטעלן אין דווינסק. ר. באַשעפ-טיקט זיך מיט דער פראַגע וועגן די שפּיטאָלן (בסוד). מיר

*) דער פּאַלאַץ־קאָמענדאַנט.

פאָרן אַרויס אַהין ווי באַרמהאַרציקע שוועסטער (אונזער פ ר י י נ ט געפעלט עס) און מאָרגן אויך. אָבער כל-זמן מיר וועלן זיין מיט דיר אין גראָדנע, וועלן מיר זיך אַנדערש איבערטאָן, דו זאָלסט זיך נישט דאַרפן שעמען, אַרומפאָרנדיק מיט באַרמהאַרציקע שוועסטער.

מ. (מאַקלאַקאָוו) קומט ניין אַ זייגער. איך וועל אים אויך מיטטיילן וועגן דיין פאַרלאַנג בנוגע לאַוורינאָווסקין.

איך פיל מיך, ווי אַן אָנגעדרייטע מאַשין, וואָס נויטיקט זיך אין אַ היילונג, צו קאָנען ווייטער אַרבעטן—דאָס זען דיך וועט מיר העלפן.

איך וויל נעמען מאָרגן אַניען און איזען און אָ. יעווג.*) און אפשר אויך אַ הויזמיידל פאַר ביידע טעכטער און פאַר מיר און איינע פאַר די דאַמען (צו באַגעגענען דיך). וואָס ווייניקער מענטשן, איז אַלץ בעסער, כדי נאָכדעם צו באַלאַסטן ווייניקער דיין צוג. איך מיין, אַז עס איז גלייכער צו נעמען ר ע ס י נ ע ן, מחמת ער איז אַ מיליטערמאַן. איצט באַדאַרף איך ענדיקן. איך בענטש און קוש דיך אָן אַ סוף. די שמחה, אַז איך וועל מיך זען מיט דיר, איז אַזוי גרויס, אָבער עס איז שווער זיך צו שיידן מיט מיין זונשטראַל. אָנשטאָט פסקאָוו, וואָלטן מיר אפשר געקאָנט זיין מיט דיר אין אַן אַנדער שטאָט. איך קוש דיך נאָך און נאָך. היינט איז שוין אַ גאַנצע וואָך. די אַרבעט איז די איינציקע רפואה.

שטענדיק דיין אַלט „זונעלע".

אַ גרויס נ. פּ.

*) אָ. י. ביוצאָוו, הויפפריילן.

צארסקאָיע סעלאָ, 17 נאָוועמבער 1914.

מיין געליבטער.

ווען דו וועסט דורכלייענען דידאָזיקע שורות, זעט דער צוג דיך אַוועקטראָגן ווייט פון אונז. נאָכאַמאָל איז געקומען די שעה פון צעשיידונג. זי איז אַלעמאָל גלייך שווער איבערצולעבן. ווען דו פאָרסט אַוועק, איז די איינזאַמקייט אַזוי שווער, הגם איך האָב ביי מיר די טייערע קינדער. דאָך גייט אַוועק אַ טייל פון מיין לעבן—מיט דיר זיינען מיר דאָך איינס.

זאָל דיך גאָט באַשירמען און בענטשן אויף דיין וועג און זאָלסט געפינען גוטע איינדרוקן און זאָלסט געבן שמחה די אַלע אַרומיקע און ברייגנען כוח און טרייסט די ליידנדיקע.

דו וועסט שטענדיק ברייגנען אַ „באַנייאונג", ווי אונזער פריינט זאָגט. עס פרייט מיך, וואָס זיין דעפעש איז געקומען. עס באַרואיקט אַזוי דאָס וויסן, אַז זיינע תפילות פאָלגן דיר נאָך.

גיט, וואָס דו האָסט געהאַט אַ גרינדלעכן שמועס מיט נ.*). זאָג אים דיין מיינונג וועגן מאַנכע מענטשן און גיב אים אויף איייניקע רעיונות. זאָל דיין אָנוועזנהייט ווידעראַמאָל ברייגנען נוצן. זאָל גאָט געבן ערפאָלג אונזערע דרייסטע אַרמייען.

אונזער אַרבעט אין שפיטאָל—איז מיין טרייסט, ווי אויך

*) מיט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש.

דאָס באַזוכן די אַממערסטן ליידנדיקע אינם גרויסן פּאַלאַץ. איך שרעק מיך נאָר פאַר אַניעס שטימונגען. פּאָריקער מאָל איז גע-ווען אונזער פּ ר יי נ ט, נאָכדעם דער קראַנקער פּוס און נאָכדעם איר יונגער פריינט.

לאָמיר האָפן, אַז זי וועט זיך קאָנען באַהערשן. איצט באַצי איך מיך צו אַלץ אַ סך קאַלטבלוטיקער, און מיך זיינען שוין נישט מצער איר גראָבקייט און קאַפּריזן, ווי פריער. דער ברוגז איז געקומען צוליב איר אויפפירונג און אירע ווערטער אין קרים. מיר זיינען פריינט, און איך האָב זי ליב און וועל זי אַלעמאָל ליב האָבן, נאָר עפּעס איז פאַרלאָרן געגאַנגען, עס זיינען צעריסן געוואָרן די פעדעם דורך איר אויפפירונג בנוגע צו אונז ביידן. זי וועט שוין קיינמאָל נישט זיין אַזוי נאָענט צו מיר, ווי זי איז געווען. דו באַמיסט זיך צו פאַרבאָרגן דיין טרויער, אָבער נישט זיך צו באַרימען מיט אים. סוף-כל-סוף איז מיר שווערער, ווי איר. דערמיט איז זי נישט איינשטימיק, מחמת דו ביזט פאַר איר כלומרשט אַלץ, און איך האָב קינדער. אָבער זי האָט דאָך מיך און זי פאַרזיכערט, אַז זי האָט מיך ליב. עס לוינט זיך נישט צו ריידן וועגן דעם, נישט וואָר? דאָס איז דאָך פאַר דיר נישט אינטערעסאַנט.

דאָס וועט זיין אַ שמחה—פאָרן און זען זיך מיט דיר, הגם מיר וואָלט זיך זייער נישט געוואָלט איבערלאָזן בעבין און די מיידעלעך. און איך וועל מיך אַזוי שרעקן בשעת דער נסיעה. איך בין קיינמאָל אַליין נישט געפאָרן צו אַ גרויסער שטאָט. איך פאַרהאָף אָבער, אַז איך וועל אַלץ טאָן אַזוי ווי מען באַדאַרף, און דיין ווייבעלע וועט דיך נישט פאַרשעמען.

טייער נשמהלע, מיין איינציקער, צוואַנציק יאָר ביזטו מיין ליבער אוצר. זיי געזונט און גאָט זאָל דיך בענטשן און באַ-שירמען און פאַרהיטן פון אַלדאָס בייז.

מיין ליבער, מיין זונעלע, מיין לעבן און מיין גאַנץ וועזן. זיי געבענטשט פאַר דיין גאַנצע ליבע צו מיר. אַ דאַנק דיר פאַר דיין גאַנצער צאַרטקייט צו מיר, איך בענטש דיך און

קוש דיך אינגאַנצן און דריק דיך צאַרט צו מיין ליבּנדיקן אַלטן האַרץ.

אויף שטענדיק, ניקי, מיין אייגענער.

דיין אייגן ווייבּעלע.

עס פרייט מיך אַזוי, וואָס נ. פּ. באַגלייט דיך. עס מאַכט מיך רואיקער דאָס וויסן, אַז ער איז נעבּן דיר, און פאַר אים איז עס אויך אַזאַ געוואַלדיקע פרייד.

איך דערמאָן אונזער לעצטע נאַכט. עס איז אַזוי שרעקלעך איינזאַם אָן דיר און אַזוי שלעכט. אין דעמדאָזיקן שטאָק וואוינט קיינער נישט.

„זונעלע".

צאַרסקאָיע סעלאָ, 18 נאָוועמבּער 1914.

מיין געליבּטער.

מחמת דער פעלדיעגער פאָרט אַרויס היינט אין אָוונט, באַנוץ איך מיך מיט דער געלעגנהייט, אָנצעשרייבּן און צו זאָגן דיר, ווי מיר האָבּן פאַרבּראַכט דער פרימאָרגן. אויף מיין האַרצן ליגט אַזאַ צער, בשעת מיין נשמהלע איז דאָ נישטאָ. עס איז אַזוי שווער צו זען, ווי אַזוי דו טראָגסט עס אַלץ אַליין איבּער. נאָכדעם ווי פרעדעריקס האָט מיר דערלאַנגט אויף דער סטאַציע דאָס פּאַפּיר מיט דער אונטערשריפט, זיינען מיר גלייך אַוועק אין שפּיטאָל. עס איז געווען אַ סך אַרבּעט, אָבּער איך בּין לאַנג געזעסן, כל-זמן די מיידעלעך האָבּן געאַרבּעט. א.(אַניע) האָט זיך געפונען אין אַ נאַרישער נישט-העפלעכער שטימונג. זי איז

אַוועק פריער, צו זען זיך מיט אַליען, וואָס קומט צופאָרן און זי וועט זיך אומקערן ערשט ניין אַ זייגער, און וועט נישט זיין אויף דער לעקציע. זי האָט אויך נישט געפרעגט, וואָס איך וועל טאָן—קוים ביזטו נישטאָ, איז זי צופרידן, וואָס זי גייט אַוועק פון דערהיים. אַנטלויפן פון דעם אייגענעם אומעט, איז נישט קיין גרויסע זאַך. אָבער איך בין צופרידן, וואָס איך זע זי וויינִיקער, ווען זי איז אַזוי נישט ליבנסווירדיק.

וואָס פאַר אַ שלעכט וועטער. איך גיי אינם קינדערשן לאַזאַרעט און נאָכדעם אינם גרויסן פּאַלאַץ.

מאַרי און אָלגע לויפן אַרום איבערן צימער, טאַטיאַנע האָט אַ לעקציע, אַנאַסטאַסיע זיצט מיט איר. בעבי גייט אַרויס נאָכן אָפּרוען. דער גובערניער רופט מיך.

איך האָב נאָר-וואָס אויפגענומען פרוי מופטי-זאַדע, נאָכ־דעם דעם לאַזאַרעט-פּאַרוואַלטער פון מיין צאַרסקאָסעלישער גע-מיינדע אין סוּוואַלק. ער איז געקומען נאָך די זאַכן און בעט צוויי מאָטאָרן.

מיין טייערער, מיין ליב מאַנעלע, איך וויל דיך קושן און צודריקן זיך צו דיר און זיך פילן היימלעך.

איצט רופן מיך אויך די קינדער אין לאַזאַרעט, מען מוז גיין. דער פעלדיעגער פּאָרט אַרויס פינף אַ זייגער. זיי געזונט, מיין טייערער, גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשיצן אויף שטענ-דיק. אַלע קינדער קושן דיך צאַרט.

דיין אייגן ווייבעלע.

צארסקאָיע סעלאָ, 19 נאָוועמבער 1914.

מיין געליבטער.

דיין בריוו איז פאַר מיר געווען אַזאַ טיפע שמחה, אַזאַ טרייסט. אַ דאַנק דיר פאַר אים טויזנטער מאָל. איך האָב ליב צו לייענען די אַלע ליבע ווערטער, וואָס דו שרייבסט מיר, מהמת איך קאָן נישט—נישט פילן דיין אָפּוועזנהייט; אינם לעבן פון מיין פאַמיליע פעלט אין אַלץ דער „תוך". איצט עס איך אַלעמאָל פרישטיק אויפן דיוואַן, בשעת מיר זיינען אַליין. ווי דאָס איז גוט, וואָס מען האָט באַזייטיקט רענענקאַמפן ביז דיין קומען. איך בין צופרידן. זאָל מען נאָר געפינען עמיצן אַ גוטן אויף זיין אָרט. זאָל עס אפשר נישט זיין מישטשענקאָ? דאָס מיליטער האָט אים אַזוי ליב. דאָס איז אַזאַ קלוגער קאָפּ, נישט וואָר? מען זאָגט, אַז די בלויע קיראַסירן זיינען ממש גליקלעך, וואָס אַרסעניעוו איז ביי זיי. איך גלויב עס זייער גערן. פון דיין זייט איז עס באמת אַן אויסגעצייכנטער געדאַנק, צו מאַכן זיך אַ שטעקן פאַר גימנאַסטיק. דאָס איז אַזאַ גוטע איבונג, בשעת דו ביזט איינגעשפאַרט אויף אַזאַ לאַנגע צייט און דו מוזט שטיין נאָר אין לאַזאַרעטן, וואָס מאַכט זייער מיד. אַ זיי-גער ניין איז אָלגע, אַנאַסטאַסיע, בעבי און איך אַוועק באַגע-גענען זיין צוג. דאָסמאָל האָבן מיר שוין זייער שווערע פאַר-וואונדעטע. דער צוג איז געווען אין סאָכאַטשעוו, זעקס ווערסט פון שלאַכטפעלד, און די פענסטער האָבן זיך געטרייסלט פון אַרטילערישן פייער. אַעראָפּלאַנען זיינען דאָרט געפליגן און

אויך איבער וואַרשע. שולענבורג דערציילט, אַז דער 10 און 14 פּאָלק פון די סיבירישע פּאָלקן זיינען געווען זייער מאוס אַר-בערגעשראָקן און האָבן געטראַכט, אַז גאָט איז אויף דער זייט פון די דייטשן, מחמת זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיינען עס אַזוינס די אַעראָפּלאַנען און אַז. וו. און מען האָט זיי בשום אופן נישט געקאָנט צווינגען צו גיין פאָרויס. דאָס זיינען אַלץ נייע סאָלדאַטן, נישט קיין עכטע סיבירער. עס האָבן זיך אָפּגע-פונען די זעקס מאָטאָרן פון זיין צוג, וואָס זיינען אַנטרונען געוואָרן פון דעם 1-טן. זיי געפינען זיך אין לאָדזש. אַוועקגיין פון דאָרט קאָנען זיי נישט, מחמת מען קאָן זיי פאַרכאַפּן. דער-ווייל אָבער פירן זיי פאַרוואונדעטע. איצט קומען אַ כך צופוס, אַזוי אַז זייערע לונגען האָבן שטאַרק געליטן. עס איז געקומען דער כ י ז ש ע ג אָ ר אָ ד ע ר י אַ ג מ י ן. איך האָב נישט באַקומען קיין שום ידיעות—אין שטאָט רעדט מען. נעכטן איז געווען שלעכט, אין די צייטונגען—אַ סך ווייסע ערטער, נישט קיין פאַר-דרוקטע. מסתמא זיינען מיר אָפּגעטראָטן אין דערנאָענט פון ס אָ כ אַ ט ש ע וו. מאַנכע פון דידאָזיקע פאַרוואונדעטע זיינען אַריינגעפאַלן צו די דייטשן, נאָכדעם, אין פיר טעג אַרום, האָבן זיי אונזערע גענומען צוריק. גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ שרעק-לעכע וואונדן. איך האָב מורא, אַז מאַנכע קאָנען נישט געראַ-טעוועט ווערן. אָבער עס פרייט מיך, וואָס זיי זיינען ביי אונז, און וואָס מיר ווען, לפחות, טאָן אַלץ, וואָס מיר זיינען בכוח צו טאָן, כדי זיי צו העלפן. איך האָב אַפילו איצט באַדאַרפט גיין באַטראַכטן די איבעריקע, אָבער איך בין צופיל מיד, מחמת מיר האָבן, אויסערדעם, געהאַט צוויי אָפּעראַציעס, און פיר אַ זייגער מוז איך גיין אין גרויסן פּאַלאַץ, ווייל איך וויל, אַז די פירשטין זאָל באַטראַכטן דאָס אָרעמע יינגל און דעם אָפיציר פונם 2-טן שיסערפּאָלק, וואָס זייערע פיס זיינען שוין גאָר שוואַרץ געוואָרן אַזוי, אַז מען האָט מורא, אַז די אַמפּוטאַציע איז אַ נויטווענדיקע.

איך בין נעכטן געווען ביים יינגל, בשעת מען האָט אים באַנדאַזשירט. ער איז געווען שרעקלעך צו קוקן. ער האָט זיך

צוגעטוליעט צו מיר און איז פאַרבליבן רואיק, אָרעם קינד. מיר האָבן עטלעכע שווערע פאַרוואונדעטע אין גרויסן פּאַלאַץ.

נעכטן איז געווען אַ גרויז און רעגנדיק וועטער, אָבער וואַרעם. היינט שיינט די זון, נאָר איצט איז וואָלקנדיק. אַ.(אַניע) איז אַוועק שפּאַצירן, נאָכדעם וועט זי קומען צו מיר. זי איז געווען זייער שלעכט געשטימט דעם גאַנצן אָוונט און עלף אַ זייגער איז זי אַוועק שלאָפן. היינט אינדערפרי איז זי אויך געווען אין אַזאַ שטימונג, אָבער מיר האָבן זי אַ ביסעלע אויסגעמוסרט. דאָס איז צוויי מאָל פיינלעך, בשעת דו שפּירסט זיך טרויעריק, און זי מאַכט אַ מינע, ווי זי איז די „הויפּט-וויינערין" קעגן די אַלע איבעריקע. איך מאַך מיך מונטער און רייד, און זי וואָלט אויך געקאָנט טאָן דאָס אייגענע. טיילמאָל פרעגט זי אויפן פעלדיעגער. איך רעכן, אַז זי האָט בדעה צו שרייבן. איך ווייס נישט, צי דו האָסט עס איר דערלויבט. אָלגע און טאַטיאַנע זיינען אַוועק אין ווינטערפּאַלאַץ אויפנעמען די מתנות. באָריס איז אין וואַרשע אויף אַ וואָך צייט: שולענבערג האָט אים גענומען, זיך דאָרט אויסצעוואַשן און אויסצערייניקן, מחמת ער האָט אַ שמאַרצונג.

נעכטן זיינען מיר אויך אַוועק אין קינדערלאַזאַרעט און געזעטן מיט ניקאָלאַיעוון און לאַזאַרעוון. היינט איז אין צוג געלעגן אַ „וואָלינער". אינם גאַנצן פּאָלק זיינען בלויז געבליבן צוועלף אָפיצירן און אַ ביסל סאָלדאַטן.

אַלע קינדער קושן דיך צערטלעך, יעדן טאָג וועט דיר עמעץ עפּעס שרייבן. מאַרי האָט נאָר-וואָס אָנגעהויבן. גיב איבער, איך בעט דיך, נ. פּ. מיין גרוס. האָסטו געהערט, אַז עמעץ פון די „ריזן"*) איז פאַרוואונדעט געוואָרן. איבערן שטאָפּ גייען אַזויפיל קלאַנגען. אָ, יאָ, עס וואָלט באמת זייער גוט געווען, ווען מיר וואָלטן צוזאַמען אַרויסגעפאָרן, אָבער איך רעכן, אַז אין אַזאַ צייט, ווי איצט, איז גלייכער, אַז דו זאָלסט אַליין

---

*) אַ באַזונדערע ראָטע.

ארויספאָרן קיין קאַווקאַז. פאַראַן מאָמענטן, ווען מיר, פרויען, באַדאַרפן נישט עקזיסטירן. יאָ, גאָט האָט מיר אויסגעהאָלפן מיט מיין געזונט און איך האַלט זיך, הגם טיילמאָל פיל איך מיך טויט-מיד. דאָס האַרץ טוט ווי און גרעסערט זיך. אָבער מיין רצון איז שטאַרק. אַבי נאָר נישט טראַכטן. מיין ליבער, מיין אוצר, איך דאַרף ענדיקן. היינט פאָרט פריער אַרויס דער קור-יער. אַז דו וועסט קומען צוריק, באַדאַרפסטו מיר אָפּגעבן מיינע בריוו, צו נומערירן זיי, מחמת איך האָב נישט קיין שום פאָר-שטעלונג, וויפיל איך האָב אָנגעשריבן. נאָכאַמאָל—אַן אומענד-לעכן דאַנק פאַר דיין טייערן בריוו. ער איז געווען זייער גוט אָנגעשריבן, הגם דער צוג האָט זיך באַוועגט.

איך דריק דיך צו מיין בייניקענדיקן האַרץ. איך קוש אַלע טייערע ערטער. זאָל דיך גאָט בענטשן און באַשירמען פון אַל-דאָס בייז.

אויף אייביק, ניקי, מיין מלאך, מיין אוצר, מיין זון, מיין לעבן.

דיין אַלט ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 20 נאָוועמבער, 1914.

מיין טייערער, געליבטער ניקי.

אַ פאַרשפעטיקטער קאָמאַר דרייט זיך אַרום מיין קאָפּ, בשעת איך שרייב צו דיר. נו, בין איך, אַליזאַ, אַוועק אין גרויסן פּאַלאַץ צו דער באַנדאַזשירונג פון דעמדראָזיקן אָרעמען יינגעלע און מיר האָט עפּעס אויסגעוויזן, ווי די ברעגן פון די

טונקל-רויטע וואונדן זײַנען מאַסיווער געוואָרן. די פירשטיק מיינט, אַז דאָס געוועב האָט נישט קיין אָפּגעשטאָרבן אויסזען. זי האָט באַטראַכט דעם פוס פונם שיסער און האָט איינגעפונען, אַז מען דאַרף אים באַלד אָראָפּנעמען, כל-זמן עס איז נאָך נישט שפּעט. און מען וועט עס מוזן מאַכן זייער הויך. וולאַדימיר ניק. און עבערמאַן האַלטן, אַז מען דאַרף זיך פריער פּרובן מאַכן אַ צווייטע אָפּעראַציע אויפן אַנעווריזם פון די בלוטאָדערן, און אויב דאָס וועט נישט העלפן—ערשט דעמאָלט אַמפּוטירן דעם פוס. זיין פאַמיליע וואָלט זיך וועלן באַראַטן מיט עפּעס אַ באַרימטהייט, אָבער אויסער ציידלערן, וואָס האָט נישט געקאָנט קומען פריער פון פרייטיק, איז דאָ קיינער נישטאָ. איך וויל איבעררײדן מיט וולאַד. ניקאָלאַיעוויטשן. היינט אין אָוונט האָב איך ביז צען אַ זייגער געלייענט ראָסט*) פּאַפּירן. ביזן מיטאָג האָב איך אויפגענומען מאַדאַם ז. ז.**) און דערנאָך האָב איך אײַנגעדרעמלט. אַניע וויל, מיר זאָלן אַרויספאָרן קיין קאָוונע, מחמת מיר קאָנען זיך נישט באַנוצן מיטן סאַניטאַרצוג, דאָסמאָל צו אונזער באַדויערן און צו וואָייקאָווס שמחה, אָבער דאָס הייסט אויך קיין ווילנע. איך קאָן נישט אַדורכפאָרן און זיך דאָרט נישט אָפּשטעלן. די מיידעלעך איז עס זייער געפעלן, מחמת זיי האָפן, אַז זיי וועלן דאָרט זען זייערע „פריינט". זי זאָגט, אַז דאָרט זיינען דאָ אַ סך פאַרוואונדעטע. עלאַ קומט מאָנטיק. כלעבן, איך ווייס נישט, וואָס מען טוט. איך וואָלט געוואָלט, דו זאָלסט זיין דאָ, איך זאָל דיך קאָנען פרעגן וועגן דעם. דעמדאָזיקן בריוו וועסטו באַקומען נישט פריער פון שבת און דעמאָלט וועלן מיר שוין מוזן אַוועקפאָרן. איך וועל נאָך אַ טראַכט טאָן וועגן דעם. איך בין אַזוי מיד, און איך וואָלט נישט געוואָלט באַלד אַוועקפאָרן, אויסערדעם איז דאָ פאַראַן אַ סך אַרבעט און מיינע קינדער, וועלכע איך דאַרף איבערלאָזן

---

*) ראָסטאָווצעוו, דער קייזערינס סעקרעטאַר.

**) האָפמייסטערין באַרישקין.

דעם ו-טן. נאָר אפשר וואָלט דאָך געווען גוט אַהין אַרויסצו־פאָרן? אַניע וויל אַ פאַרענדערונג אויך אין דער אַק(טיוועה) אַרמיי, ווי זי רעדט תמיד. ליבער, טייערער, איך קוש דיין קישן אינדערפרי און אויפדערנאַכט. און איך בענטש אים און בייַנק נאָך זיין טייערן באַלעבאָס. איך לייג דאָ צו דאָס קאַרטל מיט אונזער בילד פון דווינסק. איך מיין, אַז דיך וועט עס חיילן, ווען דו וועסט עס באַקומען פאַר דיין אַלבאָם. עס איז גאָר אַ ווייך וועטער. בעבי פאָרט אַרויס אויף זיין מאָטאָר, און נאָכדעם וועט אָלגע, וואָס שפּאַצירט איצט מיט אַניען, אַוועקפירן אים אין גרויסן פּאַלאַץ, וואו ער וועט זיך זען מיט די אָפיצירן, וואָס קוקן אויס די אויגן אויף אים. איך בין צופיל מיד און קאָן נישט פאָרן. האַלב זעקס האָבן מיר נאָך אַן אַמפּו־טאַציע (אָנשטאָט אַ לעקציע) אינם גרויסן לאַזאַרעט. היינט אינ־דערפרי זיינען מיר בייגעווען (איך העלף אַלעמאָל צו, דער־לאַנג די אינסטרומענטן און אָלגע ציט אַריין די פעדעם אין די נאָדלען) ביי אונזער ערשטער גרויסער אַמפּוטאַציע (אַ גאַנצע האַנט איז אָפּגעשניטן געוואָרן), נאָכדעם האָבן מיר אַלע גע־מאַכט באַנדאַזשן (אין אונזער קליינינטשקן לאַזאַרעט) און זייער ערנסטע אין דעם גרויסן. ביי מיר זיינען געווען אומגליקלעכע מענטשן מיט שרעקלעכע וואונדן... כמעט גאָרנישט געבליבן פון „מאַן״, פשוט צעשאָסן אויף שטיקער. עס וועט אפשר אויסקומען אָפּצושניידן... אַזוי שוואַרץ געוואָרן, אָבער מען האָט נאָך אַ האָפנונג צו ראַטעווען. שרעקלעך צו קוקן. איך האָב געוואַשן און גערייניקט און מיט יאָד געשמירט און מיט וואַזעלין און פאַרבונדן און איבערגעבונדן זיי אַלע. עס איז אַלץ גאַנץ גוט בעגאַנגען, און איך פיל מיך גליקלעכער, בשעת איך טו עס רואיק אַליין אונטער דער אָנפירונג פון דאָקטאָר. איך האָב דריי אַזוינע באַנדאַזשירט. ביי איינעם האָט מען געמוזט איבער־לאָזן אַ קליינטשיק טרייבעלע. דאָס האַרץ ווערט פאַרגאָסן מיט בלוט פאַר זיי. איך וועל מער נישט אַרומשרייבן די פּרטים, אַזוי טרויעריק איז עס, אָבער זייענדיק אַ פרוי און אַ מוטער, פיל איך זיי באַזונדערס מיט. איין יונגע באַרמהאַרציקע שוועס־

פער (אַ מיידל) האָב איך אַרויסגעשיקט פון צימער. פריילן אַנען־קאָוו איז שוין עלטער. דער יונגער דאָקטאָר איז אַזאַ גוטער. אַניע האָט אויסגעזען גאַנץ קאַלטבלוטיק. זי זאָגט, אַז זי איז שוין אינגאַנצן פאַרהאַרטעוועט. זי פאַרהידושט מיך שטענדיק מיט איר האַציונג. זי האָט נישט אין זיך קיין שום ליבנדיקס און ווייבלעכס, ווי אין אונזערע מיידעלעך. אַ וואונד בינדט זי איבער נישט אויפמערקזאַם; אַז עס ווערט איר נמאס, גייט זי אַוועק, אָבער אַז עס איז דאָ ווייניק אַרבעט, וואָרטשעט זי. יעדיגאַראָוו האָט באַמערקט, אַז זיי זיינען איר נמאס געוואָרן. זי יאָגט זיך און יאָגט אַלעמען. איך האָב מיך אַנטטוישט אין איר. שטענדיק באַדאַרף זי האָבן עפּעס נייס, ווי אָלגע יעווגע־ניעוונע. פיר אַ זייגער גייט זי אַוועק צו איר שוועסטער, אָנ־שטאָט צו גיין אויף אַן אַמפּוטאַציע, וויבאַלד אַז מיר גייען אַהין. זי וואָלט דאָך געקאָנט פאַרברייינגען דעם אָוונט ביי דער שוועסטער. פירשטין געדראָיץ האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט באַלד באַמערקט, ווי ווייט אַניע וויל נישט און קאָן נישט מאַכן אַ זאַך a' fond, און זי האָט זיך געשראָקן, אַז מיר וועלן אויך זיין אַזוי ווי זי, אָבער עס פרייט איר זייער, וואָס דאָס איז נישט אַזוי און אַז מיר טוען אַלץ גרינדלעך. דאָס איז דאָך עפּעס נישט קיין שפּיל. זי האָט געוואָלט באַקומען אַ קרייץ און האָט זיך באַמיט דעריבער. איצט האָט זי באַקומען אַ קרייץ און איר חשק איז שטאַרק געפאַלן, בשעת מיר פילן טאָפּל די אחריות און די ערנסטקייט פון דעם אַלעם און מיר וואָלטן גע־וואָלט אָפּגעבן אַלץ, וואָס מיר וואָלטן נאָר געקאָנט, די אַלע אָרעמע פאַרוואונדעטע מיט לייכטע אָדער שווערע וואונדן. מאַרי האָט געזען אַן אָפיציר פון איר פאָלק. גריס פון אונזערטוועגן נ. פ. און גיב אים איבער די נייס, וועלכע מיר שרייבן דיר, מחמת אים אינטערעסירט אַלץ, וואָס מיר טוען. די נאָז איז מיר פול מיט די שרעקלעכע ריחות פון דידאָזיקע וואונדן, וואָס פוילן. אין גרויסן פאַלאַץ האָט מיר אַן אָפיציר באַוויזן די דייטשע קוילן „דום־דום", זייער לאַנגע, שמאָלע, ביים שפּיץ מיט אַזוינע שטיקלעך, פונקט ווי פון רויטן קופּער. דו פעלסט

מיר, איך באַגער דיינע קושן, טייער קינד, איך קלער און בעט גאָט פאַר דיר כסדר, מיין זיסער. זיי געזונט. גאָט זאָל דיר בענטשן און באַשירמען. איך דריק דיך צאַרט צו מיין האַרצן, איך קוש און פאַרבלייב אויף שטענדיק
דיין טיף-ליבנדיק אַלט ווייבעלע, וונעלע.
אַלע קינדער קושן דיך.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 25 נאָוועמבער, 1914.

מיין געליבטער.

איך יאָג מיך זייער—איך שיק דיר עטלעכע שורות. דעם גאַנצן פרימאָרגן זיינען מיר געווען באַשעפטיקט. איין סאָלדאַט איז געשטאָרבן בשעת דער אָפּעראַציע. עס איז געווען שרעקלעך טרויעריק. דאָס געשיט דאָס ערשטע מאָל מיט דער פירשטין, און זי האָט שוין געמאַכט טויזנטער אָפּעראַציעס אַזעלכע. עס איז געווען אַ בלוטשטורץ. אַלע האָבן זיך געהאַלטן גוט, קיינער האָט דעם קאָפּ נישט פאַרלאָרן, און די מיידעלעך זיינען געווען מוטיק. זיי און אַניע האָבן קיינמאָל נישט געזען דעם טויט. ער איז געשטאָרבן אין איין מינוט. דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, ווי דאָס האָט אונז טרויעריק געמאַכט. ווי דער טויט איז שטענדיק נאָענט! מיר האָבן ווייטער געמאַכט אַן אָפּעראַציע. מאָרגן האָבן מיר פון דאָסניי אַזאַ. זי קאָן זיך אויך ענדיקן פאַטאַל. גאָט זאָל געבן, אַז דאָס זאָל נישט געשען, מען מוז אים זען ראַטעווען.
עלאַ איז געקומען צום פרישטיק. זי פאַרבלייבט ביז

מאָרגן. מיר האָבן געהאַט איר באַריכט און צוויי באַריכטן פון מעקן, ראָסטאָווצעוון און אַפּראַקסינען אין אַ משך פון צוויי שעה, און דעריבער האָב איך קיין צייט נישט געהאַט אָנצושרייבן דעם בריוו. נעכטן האָט יעדיגאראָוו געמיטלעך געמיטאָגט מיט אונז. אין צוויי טעג אַרום פאָרט ער אַוועק און האָט זיך שוין אויסגעשריבן פון לאַזארעט. באַדאַכט זיך נאַר, ווי דרייסט איך בין געווען, אַז איך האָב אים איינגעלאַדן. ער איז געווען זייער ליב און זייער פשוט.

זייער אַ ווייך וועטער. מען דאַרף ענדיקן. דער קוריער וואַרט. דער עולם אַרום מיר טרינקט טיי. איך בענטש און קוש דיך.

דיין אַלט ווייבעלע, „זונעלע".

גריס פון מיינטוועגן וואָראָנצאָוון און נ. פּ.

עלאַ און די קינדער קושן דיך. עלאַ זאָגט, אַז גענעראַל שוואַרץ פאַרגעטערט דיך.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 28 נאָוועמבער 1914.

מיין אוצר, מיין טייערער.

מיר איז היינט נישט געלונגען דיר אָנצושרייבן מיטן קוריער--איך האָב געהאַט אַזויפיל אַרבעט. דעם גאַנצן פרימאָרגן זיינען מיר געווען אין לאַזארעט און ווי געוויינלעך האָב איך דאָרט אויסגעהערט ווילטשקאָווסקיס באַריכט. נאָכדעם האָבן מיר זיך שנעל איבערגעטאָן, אָפּגעפרישטיקט און אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אין דער פּאָקראָווסקער געמיינדע אויף דער וואַ(סילעווער)

אינזל. די דריי ביוקענענס*) און נאָך עטלעכע איינגלענדער פון קאָמיטעט און באַרעמהאַרציקע שוועסטער האָבן אונז אויפגענומען. אַ גרויסע אָפּטיילונג פאַר אָפּיצירן און אַן אָנגענעם גאַסטצימער פאַר זיי, באַשלאָגן מיט קרעטאָן, און דריי צימערן פאַר סאָלדאַטן, זייער פשוט און היימלעך. נאָכדעם זיינען מיר אַדורכגעגאַנגען די געמיינדע, געזען נאָך פאַרוואונדעטע און דעם שטאָטישן שפּיטאָל, אַ גרויסער בנין, וואָס געהערט דער געמיינדע. אין דעם אויבערשטן שטאָק זיינען געווען 130 פאַרוואונדעטע. פון דאָרט האָבן מיר זיך געלאָזט אין מיין לאַגער, וואו עס אַרבעטן אַ סך דאַמען. עס איז מיר זייער אָנגענעם געווען צו זען גאַנצע בערג מיט פאַרטיקע זאַכן. נאָכדעם זיינען מיר אַוועק אין אַניטשקאָווער פּאַלאַץ אויף טיי. די מוטער**) זעט אויס גוט (מיר ווייזט אויס, אַז זי חדושט זיך אַ ביסל מיט מיינע נסיעות אָן בייגלייטער), אָבער איך פיל, אַז איצט איז אַ צייט אַזוי צו האַנדלען. גאָט האָט מיר געגעבן אַ ביסל מער געזונט, און אַלע פרויען, סיי גרויס און סיי קליין, דאַרפן טאָן אַלץ פאַר אונזערע האַרציקע דרייסטע פאַרוואונדעטע. טייל מאָל פיל איך, אַז מער קאָן איך נישט, און דעמאָלט פּאמפּע איך מיך אָן מיט האַרצטראָפּנס און די אַרבעט גייט ווייטער. אונזער פרײַנט פאַרלאַנגט, אויסערדעם, אַז איך זאָל אַרומפאָרן אַזוי, אַז איך מוז פאַרשטעקן מיין שעמעדיקייט. די מיידעלעך העלפן מיר. נאָכדעם האָבן מיר זיך אומגעקערט אַהיים. איך בין געלעגן און געלייענט אַ סך פאַפּירן פון ראָסט(אָווצעיון). בשמהלע, ליבער, איך מיין, אַז דו וועסט נישט זיין אומצופרידן צוליב פרעדעריקס טעלעגראַמע צו וואָייקאָוון. מיר האָבן געשמועסט וועגן איר דורכן טעלעפאָן, מחמת ער גייט נאָך נישט אַרויס. זעסטו, די אויסשטעלונג פון די קריגס-טראָפייען איז אַ נאַציאָנאַלע זאַך, איז גלייכער אַז דער איינגאַנג זאָל זיין בחינם. מען

*) דער איינגלישער אַמבאַסאַדאָר, פרוי און טאָכטער.

**) דעם קייסרס מוטער.

קאָן אַוועקשטעלן פּושקעס נעבן טיר און דעמאָלט וועט קיינער נישט זיין געצוואונגען צו צאָלן.

סוכאָמלינאָוון*) גין איך גאָרנישט קיין שלעכטס, פּאַרקערט, אָבער זיין ווייב איז באמת אַ mauvais genre און זי האָט אַלע-מען, דערעיקרשט די מיליטערליים, שטאַרק אויפגערעגט קעגן זיך, מחמת זי האָט מיך „אונטערגעפירט״ מיט איר 26-טן. זי האָט געזאָגט, אַז דערדאָזיקער טאָג איז זייער צוגעפּאַסט און אַז די זינגער ווילן זינגען אומזיסט אין די רעסטאָראַנען, כּדי אויפצו-זאַמלען געלט פאַר איר לאַגער, און איך האָב דערלויבט. צו מיין שרעק האָב איך דערזען אַן אַנאָנס אין די צייטונגען, אַז אין אַלע רעסטאָראַנען און קאַבאַרעס (מיט אַ שלעכטער רעפּו-טאַציע) וועלן פאַרקויפט ווערן משקאות לטובת דער אָפּטיילונג פון איר לאַגער (מיין נאָמען שטייט דאָרט מיט גרויסע אותיות) ביז דריי אַ זייגער פאַרטאָג (איצט פאַרמאַכן זיך אַלע רעסטאָ-ראנען צוועלף אַ זייגער) און אַז מען וועט טאַנצן טאַנגאָ און אנדערע טענץ. דאָס האָט געמאַכט זייער אַ שווערן רושם. די פאַרווערסט (גאָט צו דאנקען) בראָנפן, און איך, קומט אויס, העלף-מיט דער שכרות צוליבן לאגער. דאָס איז שרעקלעך, און אלע האָבן זיך געמעגט שטארק אויפרעגן, די פארוואונ-דעטע אויך. און דעם מיניסטערס אדיוטאנטן האָבן נאָך באַ-דארפט זאמלען געלט. עס איז שוין נישט מעגלעך געווען אָפּצושטעלן עס, האָבן מיר בלויז געבעטן אָבאָלענסקין, ער זאָל באפעלן, אז די רעסטאָראנען זאָלן פארמאכט ווערן צוועלף אַ זייגער, אויסער די אָנשטענדיקע.

דידאָזיקע נארישע פרוים ארשאפט שאָדן דעם מאַן און באַ-גראָבט זיך אליין. זי נעמט צו געלט און זאכן אויף מיין נאָ־מען און גיט זיי ארויס פון מיין נאָמען. זי איז א גראָבע פרוי מיט א וואולגאַרער נשמה, און דעריבער געשעען מיט איר אזוי-נע זאכן, הגם זי ארבעט א סך און טוט פיל גוטס. אָבער זי שאָדט זייער דעם מאן, ווייל ער איז איר בלינדער קנעכט.

---

*) פאַר יענער צייט—קריגסמיניסטער.

און אַלע זעען דאָס. איך וואָלט געוואָלט, אַז עמעץ זאָל איבער־ריידן מיט איר מאַן, ער זאָל זי האַלטן אין די הענט. בשעת ראָסטאָווצעוו האָט אים געזאָגט, אַז איך בין נישט צופרידן, איז ער געווען פאַרצווייפלט און האָט געפרעגט, צי באַדאַרף זי נישט אינגאַנצן פאַרמאַכן איר לאַגער? ראָסטאָווצעוו האָט גע־זאָגט, נאַטירלעך, אַז נישט, אגב ווייס איך, אַז זי האָט געטאָן פיל גוטס און אַז זי האָט דאָ נאָר געהאַנדלט נישט ווי גע־העריק.

גענוג וועגן דעם. איך וויל בלויז, אַז דו זאָלסט זיך באַ־קענען מיט דערדאָזיקער געשיכטע, ווייל וועגן איר זיינען גע־שריבן געוואָרן שטאַרקע אַרטיקלען אין די צייטונגען. אַ נייע זאַמלונג וואָלט איר איצט פאַרערגערט די לאַגע. מען האָט גע־וואָלט, אַז מיין לאַגער זאָל מאַכן אַ זאַמלונג אויף ווייַנאַכט, אָבער איך האָב אָפּגעוואָרפן דעמדאָזיקן געדאַנק. מען קאָן דאָך אייביק נישט בעטן קיין נדבות. דאָס איז נישט שיין.

היינט איז געק.מען דער קאָמאַנדיר פון מיין 21-טן סיבי־רישן פאָלק. לייכטע וואונדן האָט ער, צום גליק.—איצט באַדאַרף איך מיך לייגן שלאָפן. ס'איז שוין איינס אַ זייגער ביינאַכט. היינט איז דאָס ערשטע מאָל צוויי גראַד פראָסט.

די צאַרטסטע ברכות און קושן, מיין ניקי, פון דיין אייגן ווייבעלע.

אַ גרוס נ. פּ. עס פרייט מיך, וואָס איר, צוויי בעלי־עברהניקעס, האָט געקאָנט קוקן אויף שיינע פּנימלעך. איך זע מער די אנדערע, נישט אַזוינע אידעאַלע טיילן פון קערפּער.

מאָסקווע, 12 דעצעמבער 1914.

## מיין טייערער מלאך.

נאָכאַמאָל שיידן מיר זיך, אָבער אין פינף טעג אַרום וועלן מיר זיך ווידעראַמאָל טרעפן מיט גאָטס הילף. איך וויל דיר דערמאַנען, דו זאָלסט איבעררײדן מיט ניקאָלאַשען, מען זאָל לאָזן די אָפיצירן פאָרן אַהיים זיך היילן און מען זאָל זיי נישט האַלטן אין אַלע שטעט, וואוהין דער סאַניטאַרצוג ברײנגט זיי צופעליק צופירן. זיי וועלן אַ סך שנעלער געזונט ווערן, ווען זיי וועלן קאָנען זיין נאָענט פון זייערע פאַמיליעס, און אַנדערע מוזן ענדיקן זייער קור אין דרום, כדי זיי זאָלן קאָנען קומען צו די כוחות, באַזונדערס יענע, וואָס זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן אין האַרץ. עס פרייט מיך, וואָס דו וועסט האָבן איין מנוחה-טאָג אין צוג, און דאָס זיין אין דער הויפּטקוואַרטיר וועט דיך אָפּפרישן נאָך דערדאָזיקער שרעקלעכער איינמידונג און די אומענדלעכע אויפנאַמעס. איין טרייסט, דו האָסט אָן אַ שיער באַגליקט טויזנטער פאַרוואונדעטע. איך וועל מיך באַמיען אָפּצורוען אַ ביסל אין דידאָזיקע טעג, מחמת א. ב.*) באַדאַרף קומען און דאָס האַרץ איז מיר איצט שטאַרק פאַרגרעסערט.

נשמהלע, ליבער, פאַרוואָס באַשטימסטו נישט גראָטענען צו זיינע גוסאַרן. זיי נויטיקן זיך זייער אין אַן עכטן קאָמאַנדיר.

---

*) אַן אָבגערעטער וואָרטצײלן—מאַדאַם בעקער.

זיי געזונט, מיין אוצר, שלאָף גוט, דו זועסט מיר שרעק־לעך פעלן. זאָל דיך גאָט בענטשן און באַשירמען.

אויב מען קאָן, רייד איבער מיט וואָייקאָוון און בענקען וועגן די וויינאַכט־יאָלקעס פאַר די פאַרוואונדעטע, און איך וועל איבעררײדן מיט ווילטשקאָווסקין. איך דריק דיך צום האַרצן און קוש דיך נאָך און נאָך מיט טיפער צאַרטקייט.

אויף שטענדיק דיין ווייבעלע.

באַרסקאָ־יע סעלאָ, 14 דעצעמבער 1914.

מיין טייערער, געליבטער.

דער פעלדיעגער פאָרט אַוועק, און איך אייל מיך אַוועק־צושיקן דיר די עטלעכע שורות. אַגוניושקעס פוס האָב זיך באמת פאַרבעסערט; עס טוט אים נאָר וויי, בשעת ער טרעט אָן מיט אים אַזוי, אַז ער וויל בעסער נישט אָנשטריינגען דעם פוס און פון פאָרזיכטיקייט־וועגן האַלט ער זיך מער אויפן די־וואַן. ביי מאַרין האָט די אַנגינע נאָכגעלאָזט, זי האָט גוט גע־שלאָפן, די טעמפעראַטור—37. ביי טאַטיאַנען איז מאַדאַם בע־קער*), שטייט זי אויף נאָר צום פרישטיק. באָטקין האָט מיך אַריינגעלייגט אין בעט, מחמת דאָס האַרץ איז נאָך שטאַרק פאַר־גרעסערט און טוט וויי, און איך קאָן נישט איינגעמען קיין רפואות. נעכטן בין איך פאַרבליבן אויפן דיוואַן און זיך נאָר

*) אַן איבערגעטער וואָרטצייכן.

אויפגעהויבן צו מאַרין און צו בעבין. אין אָוונט איז אַליאַ גע-
קומען צו מיר אויף אַ האַלב שעה, מחמת זי שפּירט זיך אומע-
טיק און איינזאַם אָן איר מאַן. די נאַכט האָט זי פאַרבראַכט
ביי אַניען. נאָכן פרישטיק און נאָכן דורכשליטלען זיך זיינען די
מיידעלעך אַוועק אין די לאַזאַרעטן—דאָס אייגענע אויך אין
אָוונט. היינט וועלן זיי ווידעראַמאָל גיין אַהין און מאָרגן וועלן
זיי אָנהויבן זייער אַרבעט. ליידער קאָן איך עס נאָך
נישט. דאָס איז מיך שטאַרק מצער, ווייל דאָס האָט מיר מאָראַ-
ליש געהאָלפן. אונזער פּריינט קומט מאָרגן; ער זאָגט, אַז
מיר וועלן באַקומען בעסערע ידיעות פון פראָנט. אַניע פאָרט
אַרויס אין שטאָט—באַגעגענען אים. מיכען*) איז אין שטאָט, זי
האָט אינפלוענץ. מען זאָגט, אַז פּאַוול איז אויך נישט געזונט.
אַ.(אַניע) האָט באַקומען צוויי בריוו פון טשאַכאָוון, צוויי פון
יעדיגאַראָוון און מאַלאַמען. זייער האַרציקע בריוו. איך האָב
זיי געבעטן, זיי זאָלן שטענדיק געבן ידיעות דורך אַ.—מאָרגן
וועל איך מיך זען מיט אַפּריסימאָוון. ער קערט זיך אום
אין פּאָלק, וואָס גייט אינגיכן אין דער הויפּטקוואַרטיר און ער
לעכצט זייער צו זיין געליבטן שעף (און די פאַמיליע). אפשר
וועסטו איבעררעדן מיט ניקאָלאַשען וועגן קירילן און וועסט
נאָכדעם זאָגן דער מוטער, אַז עס וואָלט באמת גוט געווען צו
ברייגנען אַלץ אין אָרדנונג און אַז איצט, מלחמה-צייט, איז עס
לייכטער צו מאַכן?**). וואו האָט מען איצט פאַרזאַמלט אַלע פּלאָט-
לייט? דער אָרעמער באָטקין איז נאָך אַלץ אומרואיק וועגן דעם
גורל פון זיין עלטערן זון. ער מיינט נאָך אַלץ, אַז דער זון
לעבט. מען זאָגט, אַז די באַרמהאַרציקע שוועסטער (די דאַמען)
פון סאַנדרעס גרופּע האָבן באַקומען מעדאַלן אויף געאָרגי-
לענטעס, מחמת זיי האָבן אַרויסגעטראָגן די פאַרוואונדעטע אונ-

*) גרויספירשטין מאַריע פּאַוולאָווגע.

**) עס האַנדלט זיך וועגן קיריל וולאַדימיראָוויטשעס שדוך, וואָס איז גע-
שלאָסן געוואָרן אָן דעם הסכם פון קיסר.

טערן פייער. דער זונשטראַל*) איז נאָר-וואָס אַרויסגעבאָרן אין שליטל, איינגעשפּאַנט מיטן אייזעלע. ער קושט דיך. ער קאָן שוין איצט טרעטן מיטן פוס, אָבער ער באַמיט זיך צו זיין פּאָרזיכטיק, כּדי ער זאָל קאָנען גיכער קומען צו די כּוחות. ווי שרעקלעך איז דאָס געווען זיך צו זעגענען מיט דיר אין מאָסקווע און צו זען דיך דאָרט שטייענדיק צווישן קופּעס מענטשן (זיי אַלע זיינען אַזוי נישט ענלעך צו דיר און אַלע היגזיכטן), און איך האָב מיך געמוזט נויגן צו זיי און קוקן אויף זיי און שמייכלען צו זיי, און איך האָב נישט געקאָנט קוקן בלויז אויף דיר, ווי עס האָט זיך געוואָלט. דו ווייסט, ביז אונזער קומען קיין מאָסקווע זיינען דריי מיליטערישע לאַ-זאַרעטן מיט עסטרייכישע און דייטשע פּאַרוואונדעטע אַרויסגע-פירט געוואָרן קיין קאַווקאַז. איך האָב געלייענט די באַשרייבונג פון איינעם אַ רוס, וואָס האָט זיי געפירט. אַ סך האָבן שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן און זיינען געשטאָרבן אין וועג; מען האָט זיי באַין אופן נישט געטאָרט רירן פון אָרט מיט שרעק-לעכע וואונדן, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ גערוך פון פוילעניש, אָן באַנדאַזשן, אין אַ משך פון עטלעכע טעג. און דוקא בשעת זייער וויינאַכט האָט מען זיי אונטערגעוואָרפן אַזוינע ענוים, אין שלעכטע סאַניטאַר-וואַגאָנעס. פון איין לאַזאַרעט האָט מען זיי אַרויסגעשיקט אפילו אָן דער באַגלייטונג פון אַ דאָק-טאָר—בלויז סאַניטאַרן. איך האָב עליאַן געשריבן, אַז זי זאָל אויספאָרשן דידאָזיקע געשיכטע און זאָל גוט אָנזויפן דעם קאָפּ: דאָס איז זייער העסלעך און פאַר מיר לגמרי אומפאַרשטענדלעך. מען זאָגט, אז אין פּעטראָגראַד איז נישטאָ קיין איין לײדיק בעטל. היינט קומט בעביס צוג פון וואַרשע. לאָמאַן האָט דאָרט נישט געפונען קיין פּאַרוואונדעטע, איז ער אַוועק נאָך זיי אין אַ צווייטן אָרט. צי איז עס אַ סימן, אַז איצט, אין דידאָזיקע טעג איז שטילער (ס'איז זייער וויינאַכט, און מיר, ווי קריסטן,

---

*) דער טראַנזיוריש.

נוצן עס נישט אויס) און דעריבער זיינען איצט די פּאַרלוסטן ווייניקער. איך וואָלט עס געוואָלט וויסן אַ ביסל גענויער. איצט מוז איך מיך אָפּשטעלן, מחמת דער קאָפּ טוט מיר ווי פון קאַ־טאַר, הגם די נאָז גיסט שוין נישט מער. דאָ איז אַזוי איינזאַם אָן דיר, מיין אוצר, מיין צאַרט געליבטער. דו וואַרטסט אַלץ, טאָמער עפנט זיך די טיר און דו וועסט אַריינקומען, אומקערנ־דיק זיך פון שפּאַציר. עס פעלט אַ שניי. אונזער גרוס נ. פּ. איך בין אַזוי גליקלעך, וואָס ער איז צוזאַמען מיט דיר. די קינדער קושן דיך אָן אַ שיער, דאָס אייגענע אויך דיין אַלט ווייבעלע. איך פאַרהאָף, אַז דו שפּירסט זיך איצט מער אויסגע־רוט. מען שמועסט, אַז דער סינאָד האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז עס טאָרן נישט זיין קיין ווייַנאַכט־יאָלקעס*). איך וויל עס דערגיין, צי דאָס איז אַן אמת און דעמאָלט וועל איך מאַכן אַ סקאַנדאַל. דאָס איז נישט זייער עסק און האָט נישט צו טאָן מיט דער צערקווע. פאַרוואָס זאָל מען אַוועקנעמען דעם תענוג ביי פאַרוואונדעטע און קינדער בלויז דערפאַר, ווייל די יאָלקע איז אַמאָל איבערגענומען געוואָרן פון דייטשלאַנד. דערדאָזיקער באַשריינקטער בליק איז ממש ווילד און משוגע.

גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען, מיין טייערער ניקי, איך קוש און דריק דיך צאַרט צום האַרצן און גלעט דיין מידן שטערן.

אויף שטענדיק דיין אַלט

ווייבעלע".

---

*) אויף דער זיצונג פון שולראט ביים הייל. סינאָד איז אָנגענומען געוואָרן דער באַשלוס מבטל צו מאַכן די יאָלקעס, וואָס פלעגן איינגעאָרדנט ווערן אין די גימנאַ־זישע און דאָרפשולן, ווייל דערדאָזיקער מנהג איז איבערגענומען געוואָרן פון די דייטשן.

צאַרסקאָ־יע סעלאָ, 21 יאַנואַר, 1915.

מיין געליבטער.

איך נעם מיך ווידעראַמאָל דיר צו שרייבן אַ בריוו, וועלכן דו וועסט לייענען, ווען דער צוג וועט דיך מאָרגן אַוועקטראָגן פון אונז. דו פאָרסט נישט אויף לאַנג, דאָך איז עס פיינלעך, אָבער איך וועל מיך נישט קלאָגן, ווייל איך ווייס, אַז פאַר דיר איז עס אַ טרייסט און אַן ענדערונג און אַז עס פאַרשאַפט אַנדערע גרויס פרייד. איך פאַרהאָף, אַז בעבים פוס וועט אינגאַנצן געזונט ווערן, ווען דו וועסט זיך צוריקקערן. דער פוס זעט אויס אַזוי ווי דעמאָלט אין פעטערהאָף, און דעמאָלט האָט עס ליידער לאַנג געדויערט. איך וועל דיר שטענדיק מיטטיילן וועגן דעם פיסעלע און וועגן אַניען, באַצייכענענדיק זי מיטן אות אַ, אָדער „די קראַנקע"*). אפשר וועסטו זיך דערמאָנען נאָכצופרעגן אויף איר געזונט אין אַ טעלעגראַמע צו מיר; דאָס וועט זי זייער רירן, מחמת דיינע וויזיטן צו איר וועלן איר געוואַלדיק פעלן. מאָרגן פרי וועל איך מיך פרואוון דערשלאָגן צום לאַזאַרעט, מחמת איך וועל אויפשטיין צו גיין מיט דיר אין קלויסטער און צו באַגלייטן דיך (ווי איך האָב פיינט דידאָזיקע מינוט און איך קאָן מיך נישט צוגעוויינען צו איר). מיין ליבער,

---

*) צווישן פעטערבורג און צאַרסקאָיע סעלאָ איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס פון צוגן און א. אירובאָוו האָט שטאַרק צעשעדיקט דעם פוס.

די ווערסט נישט פאַרגעסן איבערצושמועסן וועגן די אָפּיצירן פון פאַרשיידענע פעלקן, אַז זיי זאָלן נישט פאַרלירן זייערע ערטער; וועגן די אַלע פראַגן ווערסטו איבעררײדן מיט ניקאָלאַשען. אפשר וואָלסטו אינם שמועס מיט אים געוואָלט אויך דערמאָנען וועגן מאַניפעסטס?

אויב דו ביזט אַ בעלן צו טאָן נאָך אַ גוטע זאַך, טאָ טעלעגראַפיר באַלד פרעדעריקסן אָדער גיב איבער וואָייקאָוון, וועלכער דעפעש׳רט אים טעגלעך, אַז ער זאָל אים איבערגעבן דיין גרוס.

אין מיינע תפילות און מחשבות וועל איך פאָלגן נאָך דיר, אָבער, ליידער, נישט אין דער ווירקלעכקייט. פיל מיין אָנוועזנהייט און מיין אומאויפהערלעכע ליבע, וואָס פליט אַרום דיר מיט גרויס צאַרטקייט.

זיי געזונט, נשמהלע, אוצר פון מיין האַרצן, גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען און זאָל דיך אומקערן געזונט און בשלום צו אונז. איך קוש דיך הייס און פאַרבלייב, טייערער מאַנעלע, דיין אַלט ווייבעלע.

אַליסאַ.

אין דער גלעזערנער שאַפע ווערסטו געפינען ליכט, אויב דו ווערסט זיי דאַרפן. שטעל דיר פאָר, אַז איך ליג דאָרט ביי־נאַכט, און דו ווערסט זיך נישט פילן אַזוי איינזאַם.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 26 יאַנואַר 1915.

מיין געליבטער.

ווי גליקלעך באַדאַרף זיין אָלגע, וואָס דו ביזט היינט צוזאַמען מיט איר. דאָס איז פאַר איר אַ זוניקער טאָג און אַ

באַלווינונג פאַר איר אינטעלעקטועלער אַרבעט. פרעדעריקס שיקט דיר די קאָפּיעס פון וואָייקאָווס טעלעגראַמעס; אַזויאַרום באַקום איך ידיעות וועגן אַלץ, וואָס דו טוסט און מיט וועמען דו זעסט זיך. הײַנט אינדערפרי בין איך געוועזן אין זנאַמעניע און אין לאַזאַרעט, געמאַכט עטלעכע באַנדאַזשן און געזעסן אַ ביסל מיט אַניען. ביי איר איז געווען דער קאָפּער, פאַנאַנדערצעפּלאָנ-טערן איר די האָר; מאָרגן וועט ער ווידער קומען — זיי אויס-צעוואַשן. זינע איז ווידער קראַנק, אַזוי אַז קיינער קאָן עס נישט מאַכן ווי געהעריק. אַניע זעט אויס גוט, נאָר זי קלאָגט זיך שטענדיק אויף איר רעכטן פוס. זי וואָלט זייער וועלן אי-בערפאָרן צו זיך אַהיים, און אויב די טעמפּעראַטור וועט זיין אַ נאָרמאַלע, וועט די פירשטין גאָרנישט האָבן דאַגעגן. ווי דער-מידלעך דאָס וועט זיין פאַר אונז, אָבער, נשמהלע מיינס, דו מוזט איר באַלד פון אָנהויב זאָגן, אַז דו קאָנסט נישט קומען צו איר אַזוי אָפט, אַז עס נעמט ביי דיר צו אַ סך צייט. אויב מיר וועלן זיך נישט האַלטן פעסט, וועלן מיר האָבן קאָפּ-דריי-ניש און ליבע-סצענעס און סקאַנדאַלן, ווי אין קרים*). איצט, אַז זי איז אַזוי הילפלאָז, האָפט זי אויף גרויסע צערטלעכקייטן פון אונזער זייט און אַז עס וועלן זיך אומקערן צוריק די אַלטע צייטן. דו באַדאַרפסט, אַלזאָ, פון סאַמע אָנהויב אַוועק-שטעלן די גרענעצן אַזוי, ווי דו האָסט עס געמאַכט איצט — אַז דערדאָזיקער אומגליקלעכער צופאַל זאָל ברייגגען אַ נוצן און מנוחה. מאָראַליש איז איר איצט אַ סך בעסער. איך האָב אַ גאַנצן פּאַק מיט בקשות, וואָס אונזער פריינט האָט איר גע-בראַכט פאַר דיר.

באָרים איז געקומען אַהער אויף דריי טעג מיטצונעמען מיכענען. זי קאָן נישט קומען צו מיר, מחמת זי פאָרט נישט אַרויס, און דאָרט, אין וואַרשע, וועט די וואַרעמע לופט איר

*) פרוי הירובאָוו האָט סאַקע אויסגעבירט, מכן זאָל דערהייטערן דאָס הויפ-פריילן פירשטין אָבאָלענסקי.

דינען. זי פאַרט באַטראַכטן איר לאַזאַרעט, דעם צוג און די מאַטאָרן. דאָס איז זייער פאַרדריסלעך, מחמת די פּאָליאַקן איז נישט אָנגענעם איר מאַניר זיך איינצובעטן צו זיי אַהיים אויף מיטאָג. עס איז אַזוי נישט טאַקטיש פון איר זייט, איינצואָרדנען זיך אַ צווייטע פּאַריז. טאַטיאַנע ק. האָט באַקומען אַ געאָרגי-מעדאַל דערפאַר, וואָס זי איז כלומרשט געווען אונטערן פייער, בשעת זי האָט אין איר מאַטאָר אָפּגעפירט די מתנות פאַר די ע ר י וו אַ נ ע ר. אַ גענעראַל האָט איר געגעבן דעמדאָזיקן מעדאַל. דאָס איז נישט גערעכטיק, מחמת דאָס וואַרפט אַראָפּ דעם ווערט פון אַן אָרדען. ווען אַ באָמבע אָדער אַ גראַנאַט רייסט זיך אויף נעבן מאַטאָר און מען פאָרט צופעליק מיט מתנות און מען אַר-בעט נישט אונטערן פייער,—באַקומט מען אַן אָרדען, אָבער די אַנדערע, וואָס אַרבעטן חדשים-לאַנג, ווי אָלגע, רואיק אויף איין אָרט און דעריבער פאַלן זיי צופעליק נישט אַרונטער אונטערן פייער, באַקומען זיי נישט קיין אָרדען. דו וואַרט נאָר אַ ביסע-לע, ווערסטו זען, אַז מיכען וועט זיך אויך אומקערן מיט אַן אָרדען. אָבער עלען און מאַרי פאַרדינען אים אַ סך מער פאַר זייער אַרבעט אין פרייסן, בשעת די מלחמה האָט זיך אָנגע-הויבן. בעבי איז שוין צוויי מאָל אַרויסגעגאַנגען. ער האָט ראָזע בעקלעך און קלאָגט זיך שוין מער נישט אויפן פוס אָדער אויף דער האַנט, אָבער ער ליגט נאָך אין בעט. מיר טרינקען דאָרט טיי. דאָ איז היימלעך, נישט אַזוי טרויעריק, ווי אונטן, אין מיין בעז-צימער, אָן דיר. דו פעלסט מיר שרעקלעך, ליבע מיי-נע. איך האָב אַזוינע שווערע נעכט; די לעצטע דריי נעכט ווער איך איינגעשלאָפן נאָך פיר אַ זייגער, און כאַפּ מיך באַלד אויף. אָבער דאָס האַרץ פירט זיך אויף דערוויי̆ל גאַנץ אָנשטענדיק.

איך האָב נאָר-וואָס באַקומען דיין טעלעגראַמע פון ראָוונע און איך פריי מיך פאַר אייך ביידן, ליבע. איך פאַרהאָף, אַז אַלץ וועט אַריבער בשלום סיי אין קיעוו, סיי אין ראָוונע.

מיין טייערער, מיינע צערטלעכסטע רעיונות רינגלען דיך שטענדיק אַרום מיט בייקשאַפט און ליבע. איך פריי מיך פאַר די-יעניקע, וואָס זעען דיך און וואָס דו ברייגסט זיי ענערגיע

און מוט. תמיד דערמינטערסטו אַלעמען מיט דיין רואיקייט. לאָ-
מיר האָפן, אַז דו וועסט יעדן טאָג האָבן אַ וואַרעם זוניק ווע-
טער און וועסט זיך אומקערן אַהיים, אָפּגעברענט פון דער זון.
גיב איבער, איך בעט דיך, מיין הערצלעכסטן גרוס נ. פּ. און
מ. זיבּסטו אַמאָל אין מיין אָפּטיילונג?

איצט מוז איך אָפּגעבן דעם בריוו, מחמת דער קוריער
באַדאַרף אים אַוועקפירן אין שטאָט, און נאָכדעם וועל איך אַ
ביסל אָפּרוען פאַרן מיטאָג.

דו רעג דיך נישט אויף, ווייל דו האָסט נישט קיין צייט
צו שרייבן. איך פאַרשטיי עס זייער גוט און באַליידיק מיך
נישט אויף קיין איין מינוט. זיי געזונט, מיין טייערער, איך
קוש און בענטש דיך נאָך און נאָכאַמאָל.

אַלעמאָל דיין אַלט ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 27 יאַנואַר 1915.

מיין טייערער ניקי.

איך האָב ערשט באַקומען דיין טעלעגראַמע פון קיעוו.
איך בין זיכער, אַז דו האָסט געהאַט אַ דערמידלעכן טאָג. ווי
טרויעריק דאָס איז, וואָס ברעסלוי*) האָט געשאָסן איבער
יאַלטע בלויז פון פאַרביטערונג. גאָט צו דאַנקען, וואָס עס
זיינען נישטאָ קיין קרבנות. איך בין זיכער, אז דו וועסט וועלן
צופאָרן צהין אויף אַ מאָטאָר, צו זען די באַשעדיקונג פון דער

*) דער דייטשער קרייצער ברעסלוי האָט דעם 27 יאַנואַר באַשאָסן יאַלטע.

שיסעריי. אויפן פראָנט גייען ווידער פאַרביסענע שלאַכטן און בײדע צדדים האָבן שווערע פאַרלוסטן. די אַלע גיהנמדיקע „דום-דום".

איך האָב געזען בעטסי שוואוואַלאָוו — זי האָט איינגעאָרדנט אַ פאָדערשטן אָטראַד פאַר גאַליציע. זי איז נאָך אַלץ פול מיט דיין לאַזאַרעט-באַזוך און מיט יענער פרייד, וואָס דערדאָזיקער באַזוך האָט געבראַכט אַלע הערצער.

היינט אינדערפרי האָבן מיר געהאַט אָפעראַציעס, וואָס האָבן גאַנץ לאַנג געדויערט און וואָס האָבן זיך אָבער בשלום געענדיקט.

מיט אַניען איז אַלץ אין אָרדנונג, הגם עס טוט איר ווײ דער רעכטער פוס, אָבער אין אָוונט איז די טעמפּעראַטור כמעט אַ נאָרמאַלע. זי רעדט בלויז פון דעם, אַז זי וויל זיך אומקערן אַהיים. איך זע פאָרויס, וואָס פאַר אַ לעבן איך וועל שוין דע-מאָלט האָבן. נעכטן אין אָוונט האָב איך געמאַכט אַן אויסנאַם און בין אַוועק צו איר, אָבער מיט דער דעה, אַז איך זאָל נאָכדעם קאָנען זיצן אַ ביסל מיט די אָפיצירן, מחמת דאָס גע-לינגט מיר קיינמאָל נישט. זי רעדט נאָר דערפון, ווי זי איז אָפּגעצערט, הגם איך געפין אײן, אַז איר בויך און פיס זיינען קאָלאָסאַלע (און געוואַלדיק נישט אַפּעטיטלעך). איר געזיכט איז ראָז, די באַקן נישט אַזוי גראָב, אונטער די אויגן שאָטנס. זי האָט אַ סך געסט, אָבער גאָט מיינער, ווי ווייט איז זי אַוועק פון מיר זינט איר געמיינער אויפפירונג, דערעיקרשט אין הערבסט, פרילינג און ווינטער אין יאָר 1914. אונזערע באַציונגען קאָנען שוין קיינמאָל נישט ווערן אַזוינע, ווי פריער. פאַר די לעצטע פיר יאָר האָט זי ביסלעכווייז צעריסן דעם דאָזיקן בונד. איך פיל מיך נישט מיט איר אַזוי לייכט, ווי פריער, הגם זי זאָגט, אַז זי האָט מיך אַזוי ליב. איך ווייס, אַז זי האָט מיך אַ סך ווייניקער ליב ווי פריער און ביי איר איז אַלץ קאָנצענטרירט אין דער אייגענער פּערזאָן און אין דיר. לאָמיר זיין פאָרזיכטיק, ווען דו וועסט זיך צוריקקערן. ווי מיר וואָלט

זיך געוואָלט דערטרינקען דעמדאָזיקן פאַרהאַסטן קליינינקן
ברעסלוי.

דאָס וועטער איז פּרעכטיק, ווי פריער. בעבי פילט זיך
יעדן טאָג בעסער. ער האָט געפרישטיקט מיט אונז און וועט
אַראָפּגיין צום טיי. איך האָב נישט קיין ענטפער פון מאַרטי-
נאָוון. גריס פון מיינטוועגן נ. פּ. אַניע האָט באַקומען זיין טע-
לעגראַמע פון הויפּטקוואַרטיר, אָבער זי האָט זיך אַלין געטעלעפאָנירט
מיטן ענטפער. איך וועל איר באַלד איבערגעבן דיין גרוס. ביי
די מיידעלעך איז היינט אין אָוונט אַ קאָמיטעט. היינט אין אָוונט
האָב איך געשלאָפן דריי שעה—פון האַלב פינף ביז האַלב אַכט,
עס איז אַזוי פאַרדראָסיק, וואָס איך קאָן נישט איינשלאָפן פרי.

איצט באַדאַרף איך איינשלאָפן, מיין אוצר, מיין זון, מיין
לעבן, מיין ליבע. איך קוש און בענטש דיך.

אויף אייביק דיין „זונעלע".

בעבי וויל, מיר זאָלן אַרויף אויבן טרינקען טיי.

טראַכט פון מיר אין סעוואַסטאָפּאָל און אין אַלע באַקאַנ-
טע ערטער.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 28 יאַנואַר 1915.

מיין געליבטער.

איך באַדאַנק דיך מיט ליבע פאַר דיין ליבע טעלעגראַמע.
מיט גרויס אינטערעס לייען איך וואָיעקאָווס טעלעגראַמעס צו
פרעדעריקסן, מחמת זיי באַשרייבן אויספירלעך, וואו דו ביזט
געוועזן. ווי דו באַדאַרפסט זיך פילן מיד נאָך דעם אַלעם, וואָס

דו האָסט געטאָן אין קיעוו. אָבער וואָס פאַר אַ זוניקע זכרונות דו לאָזט איבער ביי אַלעמען. דו ביזט אונזער זון און בעבי איז אונזער זונשטראַל. איך בין נאָר-וואָס געווען אין גרויסן פאַלאַץ מיט מאַריען און אַנאַסטאַסיען. צוויי סיבירער מיינע זיי-נען צוגעקומען און צוויי זיינען אין אונזער לאַזאַרעט, און אַן אָפיציר פון צווייטן סיבירישן פּאָלק (מאַנצעווס אַ חבר) מיט אַן אָפּגעשניטענעם פוס און אַ גלח פון פערטן ס. פּאָלק פאַרוואונ-דעט אין די ווייכע טיילן פון פוס. ער האָט געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק און האָט גערעדט וועגן די סאָלדאַטן מיט אַזוי-פיל ליבע און מיט דער טיפסטער אַנטציקונג. אינדערפרי האָב איך געמאַכט דריי באַנדאַזשן. איינער אַ קליינימשקער „קרימער", וועלכן איך האָב אין הערבסט אויפגענומען נאָך זיין ראַנג-פאַרהעכערונג, איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין האַנט. דאָס איז שוין געשען אין די קאַרפּאַטן. ביי אַניען זיינען די לונגען אין אָרדנונג, אָבער זי איז אָפּגעשוואַכט, און איר שווינדלט דער קאָפּ, אַזוי אַז מען באַדאַרף זי נערן אַלע צוויי שעה. איך האָב איר אַליין געקאָרמעט, און זי האָט אָפּגעגעסן אַ גוטן פרישטיק, מער ווי איך עס.

איך האָב איר דורכגעלייענט עטלעכע קורצע לעבנסבאַ-שרייבונגען פון די הייליקע. איך האַלט, אַז דאָס איז נוצלעך פאַר איר, און ביי איר איז פאַרבליבן עטוואָס אַזוינס, וועגן וואָס זי האָט געקאָנט טראַכטן—נישט בלויז פון זיך. און דאָס איז מיין ציל.

די גרויסע מיידעלעך זיינען געווען אין שטאָט, האָבן באַזוכט דעם קליינעם לאַזאַרעט פון דער גרעפין קאַרלאָוו ביי איר אין הויז און נאָכדעם האָבן זיי אין ווינטערפּאַלאַץ אָנגענו-מען די מתנות. ביי בעבין איז אַ לעקציע, צוויי מאָל אין טאָג פאָרט ער אַרויס אויף זיין שליטעלע מיטן אייזעלע. ער זאָגט, אַז דיין טורם*) איז עטוואָס קלענער געוואָרן. מיר טרינקען טיי

---

*) א נייטור.

אין זיין צימער, ער האָט עס ליב, און מיר איז נישט אָנגענעם צו טרינקען דאָ טיי אָן דיר. מאַנכע פּאָלקן באַקומען שרעקלעך שפּעט זייערע אויסצייכענונגען. איך װאָלט עס געוואָלט צואיילן. זיי קלאָגן זיך אַזוי וועגן דידאָזיקע „זעקס וואָכן״. ווי ווילטש-קאָווסקי זאָגט, פאַרלירן זיי זייער פיל צוליב דעם, און דאָס פאַרשאַפט זיי גרויס פאַרדראָס, ווייל אויב זיי קערן זיך אום צו שנעל, פאַרלירן זיי אינגאַנצן דאָס געזונט, אָבער אַז זיי פאַרבלייבן לייגער פון דעם זעקס-וואָכיקן טערמין, פאַרלירן זיי נישט אַזויפיל.

ניקאָלאַשעס לאַנגע טעלעגראַמע פילט אָן מיין האַרץ מיט אַנטציקונג און טיפער אויפרעגונג. וואָס פאַר אַ העלדישקייט— אָפּצושלאָגן צוויי און צוואַנציק אַטאַקעס אין איין טאָג.

מען זאָגט, אַז ראָדז־אַנקאָס רעדע איז אַ גרויסאַר-טיקע, באַזונדערס דער סוף. איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר, וואָס דו האָסט דערלויבט מיר איבערצוגעבן דידאָזיקע טעלעגראַמעס.

איזעס מוטער וועט היינט בייטאָג זיין ביי מיר, מחמת זי פאָרט אַוועק קיין דענעמאַרק, הגם דער מאַן וואַרט גאָרנישט אויף איר. שטעל זיך פאָר, וואָס מאַדלען האָט מיר פאַרציילט. זי האָט עס געהערט פון באַקאַנטע, וואָס זייערע באַקאַנטע האָבן זיך נאָר-וואָס אומגעקערט פון יענאַ, וואו זיי האָבן געוואוינט עטלעכע יאָר צייט. אויף דער גרענעץ האָט מען דאָס פּאָרל צעשיידט אין צוויי באַזונדערע צימערן, וואו מען האָט זיי באַ-זוכט דעם ת..., טאָמער ליגט דאָרט פאַרבאַהאַלטן גאָלד. וואָס פאַר אַ חרפּה און וואָס פאַר אַ משוגעת! אין די גאָלדגרובן פאַר-באַהאַלטן די נעגערס דאָרט גאָלד. אָבער ווי קאָן מען עס זיך פאָרשטעלן, אַז אייראָפּייער זאָלן דאָס טאָן! דאָס וואָלט געווען לעכערלעך, ווען עס וואָלט נישט געווען אַזוי שענדלעך.

אַלע טאָג שטעל איך ליכט אין זנאַמעניע-קלויסטער. נעכטן האָב איך מיך געלייגט אַ זייגער צוועלף און אַנטשלאָפן געוואָרן בין איך ערשט נאָך צוויי. געשלאָפן האָב איך ביז אַכט מיט הפסקות. דאָס אָרענבורגער טיכל אַרום קאָפּ האָט מיר געהאָלפן איינצושלאָפן. אָבער אַזוי לאַנג צו וואַרטן אויפן שלאָף איז אַ

ביסל לאַנגווייליק. מען דאַרף זיך אָבער נישט קלאָגן דערויף מחמת קיין יסורים לייד איך נישט. גאָט צו דאַנקען, דאָס האַרץ האַלט זיך אָנשטענדיק, און איך קאָן אויפסנייע מער אַרבעטן, הגם איך מוז מיך אָפּהיטן דערביי.

שוין עטלעכע טעג, ווי מאַרין טוט ווײ דער פינגער, און וולאַד. ניקאָלאַיעוויטש האָט אים היינט ביי מיר אין צימער אויפ-געשניטן. זי איז געווען זייער מוטיק און האָט זיך נישט באַ-וועגט. דידאָזיקע אָפּעראַציעס פאַרשאַפן יסורים. דאָס האָט מיר דערמאָנט אין דער פירשטין געדראָיץ, וועלכער איך האָב באַ-דאַרפט אויפשניידן צוויי פינגער און אַרומבינדן זיי, און די אָפּיצירן האָבן בעת מעשה געקוקט דורך דער טיר.

מיין טייער מאַנעלע, געליבטער מיינער, אוצר מיינער, זיי מיר געזונט. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען. איך קוש דיך מיט אַזויפיל צאַרטקייט און איך ליבע און איך בענטש דיך. דיין אַלט „זונעלע".

דעמדאָזיקן בריוו וועסטו באַקומען שוין צוריקוועגס. אַ גרוס נ. פּ. און מאָרד. היינט איז נאָך אויך אַ שיין און זוניק וועטער.

זיי געזונט, מיין קליינטשקער, איך וואַרט אויף דיר מיט אָפענע אָרעמס. איך לייג דאָ צו מאַריס בריוו.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 7 מערץ 1915.

מיין געליבטער.

היינט איז אַ וואָך, ווי דו ביזט אַוועקגעפאָרן פון אונז. עס דאַכט זיך, אַז אַ סך מער. דיינע טעלעגראַמעס און די טייערע בריוו זיינען פאַר מיר אַזאַ טרייסט, און איך לייען זיי

בסדר. דו זעסט, איך בין אַן אַלטע און אַ מידע און איך היט מיך אַלײן, און הײנט בין איך װידעראַמאָל אױפגעשטאַנען ערשט אַרום אַכט אַ זײגער. אַניע װיל דאָס נישט פאַרשטײן. דער דאָקטאָר, די קינדער און איך גיבן עס איר צו פאַרשטײן, און דאָך שיקט זי יעדן טאָג צו פינף בריװ און בקשות, אַז איך זאָל קומען—זי װײס דאָך, אַז איך ליג אין בעט, און דאָך מאַכט זי אַן אָנשטעל, װי דאָס װאָלט איר שטאַרק געחדושט. אַזאַ עגאָאיזם איז דאָס. זי װײס דאָך, אַז איך װעל קײנמאָל נישט דורכלאָזן די געלעגנהײט צו באַזוכן איר, װען דאָס איז באַר מעגלעך פאַר מיר, אפילו בשעת איך בין זײער מיד און דאָך װאָרטשעט זי, למאי איך האָב צװײ מאָל אין טאָג באַזוכט אַן אומבאַקאַנטן אָפיציר, און זי מאַכט זיך גאָרנישט װיסנדיק װעגן דעם, װאָס באָטקין האָט געזאָגט, אַז דערדאָזיקער אָפיציר גױסיקט זיך אין מיר און בײ איר זיצן געסט כמעט אַ גאַנצן טאָג. זי מײנט אודאי, אַז מײן פליכט איז—זי צו באַזוכן, און דעריבער לײגט זי עפּעס קײן שום אַכט נישט אויף מײנע װי־זיטן, בשעת די אַנדערע זײנען מיר דאַנקבאַר פאַר יעדער סע־קונדע, װאָס איך שײנק זײ. עס איז זײער גוט, װאָס זי זעט מיך נישט עטלעכע טעג צײט. דעם פאָריקן אָװנט האָט זי אַפילו זיך געקלאָגט אינם זעקסטן בריװ, אַז זי האָט שױן לאַנג נישט באַקומען פון מיר דעם אָװנטקוש און מײן ברכה. װען זי װאָלט פאַרמאָגט די ליבנסװירדיקײט צו געדײנקען, װער איך בין אַזױנס, װאָלט זי אפשר געקאָנט פאַרשטײן, אַז איך האָב אַנדע־רע פליכטן, אױסער איר. הונדערט מאָל האָב איך איר אױך גערעדט װעגן דיר, װער דו ביזט און אַז אַן א.(אימפּעראַטאָר) באַזוכט קײנמאָל נישט אַ חולה אַלע טאָג. װאָרום װאָס װאָלט מען געזאָגט דערױף? און אַז דו באַדאַרפט קודם כל טראַכטן פון דײן לאַנד און נאָכדעם—אַז דו ביזט מיד און נױטיקסט זיך אין פרישער לופט און אַז פאַר דיר איז װיכטיק אַרױסצוגײן מיט בעביז און אַז. װ. אָבער רײד צו איר און רײד צו אַ שטײן. זי װיל עס נישט פאַרשטײן, װײל זי האַלט, אַז איר אָרט באַדאַרף זײן פריער פאַר אַלעמענס. זי לײגט פאָר, אַז אין

אָונט זאָל מען איינלאַדן אָפּיצירן צו די קינדער, מיינענדיק אַזויאַרום מיך אַריינצוקריגן צו זיך, אָבער די קינדער האָבן געענטפערט, אַז זיי ווילן בעסער פאַרבלייבן מיט מיר, מחמת בלויז אין דער צייט קאָנען מיר רואיק פאַרברענגען צוזאַמען. מיר האָבן זי צופיל צעלאָזן, און מיט אַ ריינעם געוויסן קאָן איך זאָגן, אַז זייענדיק אַ טאָכטער פון אונזערע פריינט, האָט זי אַנדערע זאַכן געמעגט בעסער פאַרשטיין, און אויך די קראַנק-הייט האָט זי באַדאַרפט אויסבעסערן. אָבער איצט גענוג וועגן איר. דאָס איז לאַנגווייליק. איך האָב מיך שוין אויפגעהערט צו פייניקן דערמיט, ווי פריער. עס ברייגנט מיך נאָר אַרויס פון די כלים דערדאָזיקער עגאָאיזם.

היינט איז קאַלט, גראָ, עס פאַלט אַ שניי. די מיידעלעך האָבן געהאַט גרויס תענוג פון דיין באָד-באַסיין. פריער די צוויי קליינע און נאָכדעם די גרויסע. איך האָב דאָרט נישט געקאָנט זיין. איך האָב שלעכט געשלאָפן און איך פיל מיך שוואַך און מיד. דאָס האַרץ איז נאָך דערוויייל נישט פאַרגרעסערט. עס פאַרגרעסערט זיך טעגלעך נאָך האַלבן טאָג. איך וויל קיינעם נישט אויפנעמען, כדי איך זאָל קאָנען פאַרבלייבן אינגאַנצן רו-איק. דעמאָלט וועט אפשר דאָס האַרץ קומען אין אָרדנונג. היינט האָב איך געהאַט אַ סך פּאַפּירן פון ראָסטאָווצעוון. שול-מאַן איז געווען אַזוי דאַנקבאַר פאַר די ידיעות וועגן אָסאָוועץ, איך האָב געבעטן די מיידעלעך, זיי זאָלן עס אים זאָגן.

זיי מיר געזונט, און גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשיר-מען, מיין טייערער מלאך. איך קוש דיך אָן אַ סוף.

דיין ווייבעלע

אַליס.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 4 אַפּריל, 1915.

## מײַן טײַערער אוצר.

דו פאַרלאָזסט אונז נאָכאַמאָל און איך רעכן, אַז מיט פרייד, ווייל דאָס לעבן, וואָס דו האָסט דאָ געמוזט פירן, מיט דער אויסנאַם בלויז פון דער אַרבעט אין גאָרטן, איז געווען מער ווי שווער און דערמידלעך. מיר האָבן כמעט אײנאַנדער נישט געזען, ווייל איך האָב געמוזט ליגן. וועגן אַ סך זאַכן האָב איך קיין צייט נישט געהאַט צו פרעגן, און אַז מיר האָבן שפּעט אין אָוונט זיך געפונען צוזאַמען, איז שוין אַ העלפט פון מײַנע רעיונות צעזייט געוואָרן. זאָל גאָט בענטשן דײַן נסיעה, מײַן געליבטער, און דידאָזיקע נסיעה זאָל ווידעראַמאָל ברײַנגען ערפאָלג און באַגייסטערונג דײַנע אַרמייען. איך פאַרהאָף, אַז דו וועסט אַ סך מער זען, איידער דו וועסט קומען אין דער הויפּט-קוואַרטיר, און אויב ניקאָלאַשע*) וועט זיך קלאָגן פאַר וואָיי-קאָוון, זאָלסטו באַלד מאַכן אַ סוף דערמיט און זאָלסט אים באַ-ווייזן, אַז דו ביזט באַלעבאָס. זיי מיר מוחל, מײַן טײַערער, אָבער דו ווייסט אַליין, אַז דו ביזט צו גוט און צו ווייך. אַ שטאַרקע שטים און אַ שטרענגער בליק ווייזן טיילמאָל וואונדער. מײַן טײַערער, זיי אַנטשלאָסענער און מער זיכער אין זיך. דו

*) ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש.

וויסט אַליין זייער גוט, וואָס מען באַדאַרף טאָן, און בשעת דו ביזט נישט מסכים און די וואָרהייט איז אויף דיין זייט, טאָ זאָג אַרויס אָפן דיין מיינונג אַזוי, אַז זי זאָל איבערוועגן די פרעמדע מיינונגען. זיי דאַרפן בעסער געדיינקען, ווער דו ביזט אַזוינס און אַז פריער פון אַלץ באַדאַרפן זיי זיך ווענדן צו דיר. דיין פערזענלעכקייט פאַרכישופט יעדן באַזונדער, אָבער איך וויל, אַז דיין שכל און דערפאַרונג זאָל זיי האַלטן אין צוואַנג נ. (ניקאָלאַשע) איז אַפילו אַזוי הויך אַוועקגעשטעלט, אָבער דו ביזט דאָך העכער פון אים. סיי אונזער פריינט*) און סיי איך—ביידע זיינען מיר גלייך דערשטוינט געוואָרן פון דעם, וואָס נ. שטעלט צונויף טעלעגראַמעס, ענטפערט די גובערנאַ-טאָרן און ד. גל. אין דיין סטיל. ער באַדאַרף זיין פשוטער, באַשיידענער און אַז. וו. דו וועסט אַודאי איינגעפינען, אַז איך מיך זיך אַריין נישט אין מיין זאַך און אַז איך ווער דיר נמאס, אָבער אַ פרוי פילט און זעט טיילמאָל זאַכן אַ סך דייטלעכער, ווי מיין צו-באַשיידענער מאַנעלע. באַשיידנקייט איז די העכסטע מתנה פון גאָט, אָבער דער העכסטער באַפעלער מוז עפטער אַרויסווייזן זיין רצון. זיי זיכערער אין זיך און טו, ווירק—שרעק זיך נישט, דו וועסט קיינמאָל נישט זאָגן קיין איבעריקע זאַך. איך פאַרהאָף, אַז מיט דעם ליבן אַלטן פרעדעריקסן וועט אַלץ אַריבער בשלום, און איך פיל, אַז ער פאָרט בלויז צוליב דיר, ווייל נאָר ער אַליין באַשליסט זיך אַמאָל צו זאָגן אַ וואָרט נ. (ניקאָלאַשען). גראַבע וועט דיר זיכער ווילן אינם דאָמינאָ-שפיל, און ווען נ. פ. איז מיט דיר, פיל איך מיך רואיקער. ער איז אינגאַנצן אונזערער און איז דיר נאָענטער, ווי די אַלע איבעריקע. ער איז יונג און איז נישט אַזוי שווער, ווי דמי-טרי ש.**) דאָס דערמאָנט מיך דערין—וואָס וועט זיין מיט

---

*) ראַספּוטין.

**) גראַף ד. ס. שערעמעטיעוו.

דמיטרי פ.?*). שוין-זשע וועט ער שוין אויף שטענדיק בלייבן דאָ שטעקן?

זע נאָר, וואָס פאַר אַ לאַנגער בריוו, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אַ גאַנצע אייביקייט נישט גערעט מיט דיר (און אַניע מיינט, אַז מיר ריידן יעדע שעה).

אפשר וועסטו געפינען צייט צו באַטראַכטן עפּעס אַ לאַזאַרעט אין ביאַליסטאָק, מחמת דאָרט גייען אַדורך אַ סך פאַרוואונדעטע, אָבער זאָלסט אָננעמען מיטלען, אַז פרעדעריקס זאָל זיך נישט פאַרעקשענען און דוקא וועלן דיך באַגלייטן איבער שלעכטע וועגן, און פיאָדאָראָוו באַדאַרף אויף אים גוט אַכטונג געבן.

ווי עס איז איינזאַם אָן דיר, מיין זונעלע. ביי מיר זיינען אפילו די קינדער, אָבער ליגן אָן אַ באַשעפטיקונג איז איצט שווער. איך וואָלט געוואָלט צוריק זיך אומקערן אין לאַזאַרעט. מאָרגן וועט דער דאָקטאָר נישט קומען (סיידן, אַז איך זאָל מיך שפּירן ערגער), מחמת ער וויל זיין אויף דער לויה פון זיינעם אַ פריינט. דו רוסט פשוט אָפּ, ווען דו זעסט נישט די בידנע אַניע און דו הערסט נישט איר וואָרטשעניש.

עפן אויף די פענסטער פון מיין אָפּטיילונג—דעמאָלט וועט אין דיין אָפּטיילונג נישט זיין אַזוי דושנע.

נשמהלע, דו וועסט געפינען אויף דיין שרייבטיש בלומען (איך האָב זיי געקושט). פון זיי איז פרייליכער אין דער אָפּטיילונג.

זיי געזונט און זאָל דיך גאָט בענטשן, נשמהלע מיינס, מיין טייערער, צאַרט דריק איך דיך צו צו מיין האַרצן און קוש דיך און נעם דיך אַרום אזוי שטאַרק.

אויף שטענדיק דיין ווייבעלע

אַליקס.

---

*) גרויספירשט דמיטרי פּאַוולאָוויטש, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין ראַספּוטינס רציחה.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 6 אַפּריל 1915.

נשמהלע מיינס.

אַ צאַרטן דאַנק שיק איך דיר פאַר דיין טייערן בריוו, וועלכן איך האָב נאָר-וואָס באַקומען. דאָס באַקומען פון דיר אַ בריוו איז אַזאַ גרויסע שמחה, נשמהלע מיינס, און דאָס איז אויך אַזאַ טרייסט, מחמת איך בענק שרעקלעך נאָך דיר. אָבער דער געדאַנק וועגן ל.*) און פ.**) באַאומרואיקן מיך שוין איצט. אפשר נישט צו-פרי, מחמת די שטימונג איז נאָך נישט זייער פאַר רוסלאַנד. אין דאָרף, קאָן זיין, אפשר יאָ, אָבער אין ל. האָב איך מורא, אַז נישט. נישט נ. באַדאַרף דיך באַגלייטן. דו באַדאַרפסט זיין אויפן ערשטן פּלאַץ, ווען דו פאָרסט ערגעץ צום ערשטן מאָל. דו האַלטסט מיך אַודאי פאַר אַן אַלטער נאַר, אָבער ווען אַנדערע ווילן נישט טראַכטן פון אַזוינע זאַכן, מוז איך עס טאָן. ער באַדאַרף פאַרבלייבן אויף זיין אָרט און טאָן זיין אַרבעט, ווי אַלעמאָל, — כלעבן נעם אים נישט, די פיינט-שאַפט צו אים מוז דאָרט זיין זייער גרויס, — אַז מען דערזעט דיך אַליין, דערפרייט עס די הערצער, וואָס טראָגן זיך דיר אַנטקעגן מיט ליבע און דאַנקבאַרקייט. אַזאַ זון! די קליינע מיי-דעלעך האָבן זיך געשלינטלט צווישן די לעקציעס, און איך וואַרט

---

*) די שטאָט לעמבערג.

**) פּשעמישל.

אויף אַניעס וויזיט... דער דאָקטאָר דערלויבט מיר שוין אַ ביסל אויפצושטיין; ער הייסט מיר ליגן נאָר דעמאָלט, ווען די טעמ-פעראַטור הויבט זיך אויף; דאָס האַרץ איז כמעט נאָרמאַל, אָבער איך פיל מיך שרעקלעך שוואַך און איך האָב אַזאַ קול, ווי ביי מיכּען, בשעת זי איז איינגעמאַטערט. מען האָט מיר נאָר־וואָס געבראַכט אַן אומענדלעך-לאַנגן בריוו פון דער גרעפין האָהענ-פעלזן*), איך שיק דיר אים צום לייענען אין אַ פרייער מינוט, נאָכדעם אָבער זאָלסטו מיר אומקערן צוריק. רייד איבער מיט פרעדעריקסן וועגן אים. גאַטירלעך, נישט אין מיין נאָמענטאָג אָדער געבורטסטאָג, ווי זי וויל—אָבער אַלץ, וואָס זי וויל, איז מעגלעך אויסצופירן, אויסער דעם טיטל „פ י ר ש ט י ן". איך מיין, אַז עס איז גראָב צו בעטן וועגן דעם. דו וועסט זען, ווי עס וועט קלינגען גוט, ווען מען וועט באַריכטן וועגן זיי צוזאַמען, כמעט ווי אַ ג. פ.**). אָבער וואָס פאַר אַ יסוד וועט עס זיין שפעטער (אָפצוזאָגן) מישען***)? ביידע האָבן געהאַט פריער קינדער, בשעת זיי האָבן געהאַט אַנדערע מאַנען, הגם דאָס איז נישט אַזוי: מישעס ווייב איז שוין געווען אַ געגטע. און זי פאַרגעסט אין דעם עלטערן זון—איבער די חתונה וועט אָנדערקענט ווערן פון יאָר 1914, וועט דערדאָזיקער זון גילטן פאַר אַלעמען, ווי אַן אומגעזעצלעכער****). פאַר זיי אַרט מיר נישט—זאָלן זיי אָפן טראָגן זייער עבירה. אָבער דאָס יינגל? דו רייד איבער

*) פרוי אָ. ו. פיסטאָלקראָז, געב. קאַרנאָוויטש, זיך געגט מיטן מאַן און התונה געהאַט מיטן גרויספירשט פאַול אַלעקסאַנדראָוויטש; פריער האָט זי געטראָגן דעם פאַמיליענאָמען גרעפין האָהענפעלזן און נאָכדעם איז איר געשיינקט געוואָרן דער טיטל פירשטין פאַליי. וועגן דעם טיטל רעט זיך טאַקע אין בריוו.

**) גרויספירשטין.

***) גרויספירשט מיכאַאיל אַלעקסאַנדראָוויטש.

****) דעם זון האָבן שפעטער די באָלשעוויקעס דערהרגעט אין אַלאַפּאַיעווסק. ער איז געבאָרן געוואָרן פאַרן יאָר 1914.

מיטן אַלטן*). ער פאַרשטייט דידאָזיקע זאַכן, און זאָג אים אויך, וואָס דיין מאַמע האָט געזאָגט, בשעת דו האָסט איר דער־מאָנט וועגן דעם. מיין גרוס נ. פ., זאָג אים, אַז די רויזן זיי־נען נאָך אַלץ פריש. אָט בין איך ווידער אין בעט—דריי שעה געלעגן אויפן דיוואַן—אַזאַ נאַרישע אָפּגעשוואַכטקייט און מיד־קייט. נו, אַניע איז געווען—זי האָט זיך אָנגעבעטן צום פּריש־טיק אין איינעם פון די נאָענטסטע טעג. זי זעט אויס זייער גוט, אָבער איך האָב נישט דעם איינדרוק, אַז זי זאָל זיך האָבן זייער דערפרייט, ווען זי האָט מיך דערזען, און, גאָט צו דאַנ־קען, זי האָט זיך גאָרנישט געקלאָגט, וואָס זי האָט מיך נישט געזען אַ גאַנצע וואָך. אָבער די אויגן זיינען איר ווידעראַמאָל האַרט-בייז, ווי זיי זיינען איצט עפּטער ביי איר. די קינדער שפּאַצירן. מיט בעביס הענט איז שוין בעסער, און ער האָט דיר שוין געקאָנט שרייבן, נשמהלע, ש ט ש ע ר ב אַ ט אָ וו (אַ געוועזע־נער פּלאָט-אָפיציר), מאַריע וואַסילטשיקאָווס איידעם, איז נעכטן פּלוצלונג געשטאָרבן. ער האָט זיך אויסגעהיילט פון אַ טיפאָאיד און האָט געטרונקען טיי מיט זיין ווייב, מיט דער ליבער סאָ־ניען, און איז פּלוצלונג געשטאָרבן פון אַ האַרצשלאָג. אָרעמע יונגע אלמנה! דו געדיינקסט, איר לעצט קינד איז געבאָרן גע־וואָרן, בשעת Ducky האָט געגעבן איר garden patry**) פאַר די איינגלישע פלאָט-אָפיצירן. די באָבע איז באַלד געקומען צו איר.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי איז דורכגעגאַנגען דער שמועס צווישן פר. מיט נ(יקאָלאַשע). אונזער פ ר י נ ט איז זייער צופרידן, וואָס דער אַלטער איז געפאָרן, מחמת דאָס פאַרשאַפט אים גרויס תענוג, און אפשר איז עס דאָס לעצטע מאָל, וואָס ער קאָן דיך באַגלייטן אין אַזאַ נסיעה. נו, מילא, דערווייל איז ער פּאָרזיכטיק.

---

*) גראַף פרעדעריקס.

**) אַ ראַאוט אונטערן פרייען הימל, אין גאָרטן.

איך האָב נאָר-וואָס אויסגעקליבן זומערשטאָפן, ווי איך ט'
עס אַלע יאָר, פאַר מיינע דאַמען, דינערשאַפט און הויזמיידלעך.
אונזער פּריינט מיינט, אַז עס וואָלט געווען גלייכער, ווען דו
זאָלסט נאָך דער מלחמה באַזוכן דאָס באַזיגטע לאַנד. איך דער-
מאָן עס בלויז פאַרביי־גייענדיק.

דער קוריער וואַרט אויפן בריוו. מיין ליבער ניקי, מיין
אייגענער אוצר, איך בענטש און באַדעק מיט צאַרטע קושן דיין
ליב געזיכט און די פּרעכטיקע אויגן.

אויף שטענדיק דיין אייגן
„זונעלע".

צאַרסקאָיע סעלאָ, 7 אַפּריל 1915.

מיין געליבטער.

איך שיק דיר אויף מאָרגן מיינע צאַרטע וואונטשן. דאָס
ערשטע מאָל פאַר 21 יאָר פאַרברייגגען מיר נישט דעם יאָר-
טאָג *) צוזאַמען. ווי אַלץ שטייט אויף דייטלעך אין זכרון! אָ,
מיין טייערער יינגל, וויפיל גליק און ליבע האָסטו מיר געגעבן
פאַר דידאָזיקע אַלע יאָרן. גאָט האָט באמת מיט אַ ברייטער
האַנט געבענטשט אונזער צוזאַמענלעבן. פאַר אַלץ, פאַר אַלץ
דאנקט דיר דיין ווייב פון דער טיפעניש פון אַ גרויסן ליבנדיקן

---

עס האנדלט זיך וועגן דעם טאָג, ווען די קייזערין איז געוואָרן אַ כלה.

האַרץ. זאָל מיר דער אַלמעכטיקער גאָט העלפן, איך זאָל דיר קאָנען זיין אַ ווירדיקער געהילף, מיין ליבער אוצר, מיין זון, פאָטער פון מיין זונשטראַל.

טידעלס האָט מיר נאָר-וואָס געבראַכט דיין טייערן בריוו. איך דאַנק דיר פאַר אים פון גאַנצן האַרצן—דאָס איז אַזאַ שמחה, ווען איך באַקום זיי און לייען זיי אַ סך מאָל. איך קאָן מיר פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ קאָמישע סצענע דאָס איז געווען, ווען גראַבבע איז געבליבן שטעקן אין בלאָטע. איך בין זיכער, אַז אַזאַ מין שפּאַציר איז אומגעהויער נוצלעך. ווי אינטערעסאַנט איז דאָס אלץ, וואָס דו ביזט זיך מכין צו טאָן. בשעת אַ(ניע) האָט אים*) געזאָגט בסוד—איך האָב געוואָלט זיינע אַ באַזונדערע תפילה פאַר דיר—האָט ער (דאָס איז זייער אינטערעסאנט) געזאָגט דאָס אייגענע, וואָס איך, אַז אין אַלגעמיין געפעלט דאָס אים נישט**). „גאָט וועט העלפן, אָבער עס איז פריי־צייטיק (צו פרי) איצט צו פאָרן, וועט קיינעם נישט באַמערקן, דאָס אייגענע פאָלק נישט זען, געוויס, ס׳איז טשיקאַווע, אָבער בעסער נאָך דער מלחמה״.

אים געפעלט נישט, וואָס נ(יקאָלאַשע) פאָרט מיט דיר. ער האַלט, אַז פאַר דיר איז גלייכער אומעטום צו זיין אַליין, און דערמיט בין איך אינגאַנצן איינפאַרשטאַנדן. נו, קוים איז אַלץ איינגעאָרדנט, פאַרהאָף איך, אַז אַלץ וועט גיין כשורה און דערעיקרשט, וואָס דו וועסט זען דיינע אַלע אַרמייען, וועלכע דו ווילסט זען—און זיי וועט פרייען וואָס זיי זעען דיך, און דאָס וועט זיין זייער באַלוינונג. גאָט זאָל בענטשן און באַשיר־מען דיין דאָזיקע נסיעה. דו וועסט מסתמא זען אי קסעניען, אי אָלגען, אי סאַנדראָ. אויב דו וועסט ערגעץ זען אַ באַרמהאַר־ציקע שוועסטער, אָנגעטאָן אין שוואַרצן, איז עס פרוי האַרטוויג (פאָן-ווינזין)—זי שטייט בראש פון מיין לאַגער און איז עפּטער

*) ראַספּוטין.

**) עס האַנדלט זיך וועגן דער נסיעה קיין לעמבערג און פּשעמישל.

אויף דער סטאַציע. איך פיל מיך מער אָדער ווייניקער ווי פריער 2, 37—אין אָוונט, 6, 36—היינט אינדערפרי און דערט איז נאָך פאַראַן אַ קליינינטשקע רויטקייט.

עס פרייט מיך אַזוי, וואָס דו שיקסט פרעד. מיטן צוג קיין ל. דער פרימאָרגן איז אַ גראָער און אַ רעגנדיקער. מיינע בריוו זענען אַזוינע לאַנגווייליקע. מיר קומט אויס בלויז צו לייענען אַ „באַריכט", און דאָס איז אַלץ. זע איך מענטשן, ווער איך שטאַרק איינגעמידט, הגם איך וואָלט זייער געוואָלט זען אויף אַ רגעלע קאָזש. ראָד. און קובל.—זיי וועלן זיין ביי אַניען פון דריי ביז פיר; זיי פאָרן היינט אין אָוונט אַוועק קיין אָ. זאָג כרעד., אַז איך גריס אים און בעט אים, ער זאָל זיין גוט און פאָרזיכטיק און זאָל געדיינקען, אז ער האָט שוין אויפגעהערט צו זיין אַ צעלאָזענער יונגער „קאָרנעט". איך שיק דיר עטלעכע מאַיגלעקעלעך. איך האָב זיי געקושט. זיי דאַרפן אָנפילן דיין קליינינטשקע אָפּטיילונג מיט אַ וואוילגערוך.

אַלע און אויך בעבי טרינקען טיי ביי אַניען. זי איז היינט אינדערפרי געקומען. מיינע ברכות און מיינע צערטלעכסטע תפילות רינגלען דיך אַרום. טויזנטער קושן.

אויף שטענדיק דיין אַלט ווייבעלע.

איך וועל מיך, נאַטירלעך, נישט וואונדערן, ווען דו וועסט אויף אַ טאָג אָדער צוויי פאַרשפּעטיקן מיט דיין קומען. אפשר וועסטו נאָך וועלן אַ פלי טאָן קיין ליוואַדיע. אַלע קינדער קושן דיך. זיי און איך שיקן אונזער גרוס נ. פּ.

איך שיק דיר יאַגדעס פון ראָפּשע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 11 אַפּריל 1915.

מיין טייער נשמהלע.

דיין ליבע טעלעגראַמע האָט אונז נעכטן אָנגעפילט מיט אַזויפיל גליק, גאָט צו דאַנקען, וואָס דו האָסט אַזוינע גוטע איינדרוקן—וואָס דו האָסט געקאָנט זען דעם קאַוו. קאָרפּוס און וואָס גאָט האָט געשיינקט גאָר אַ זומערדיק וועטער פאַר דיין נסיעה. אין די צייטונגען האָב איך געלייענט פּרעד. אַ קורצע טעלעגראַמע פון לעמבערג מיט דער מיטטיילונג וועגן דער קאַטעדראַלע, וועגן די פייערים און ד. גל., וועגן דעם מיטאָג און וועגן דעם, אַז באָבר. איז באַשטימט געוואָרן אין דיין סוויטע. וואָס פאַר אַ גרויסע היסטאָרישע מינוטן! אונזער פריינט איז גאָר אין עקסטאַז און ער בענטשט דיך. איצט האָב איך בעלייענט אין „נאָוואָיע ווערעמיאַ" אַלץ וועגן דיר. איך בין אַזוי גערירט און בין אַזוי שטאָלץ מיט מיין נשמהלע. און דיינע עטלעכע ווערטער, וואָס דו האָסט געזאָגט אויפן באַלקאָן, זיינען אַקוראַט דאָס, וואָס מען האָט באַדאַרפט זאָגן. זאָל גאָט בענטשן און פאַרייניקן—אין טיפן היסטאָרישן און רעליגיעזן זין פון וואָרט—די דאָזיקע סלאַווישע לענדער מיט זייער אַלטער מוטער רוסלאַנד. אַלץ קומט אין דער צייט, און איצט זיינען מיר גענוג שטאַרק, צו דערהאַלטן זיי פאַר אונז; פריער האָבן מיר עס נישט געקאָנט טאָן—דאָך מוזן מיר נאָך ווערן „אינערלעך" שטאַרקער און מער פאַראייניקט אין אַלע הינזיכטן, אַזוי, אַז מיר זאָלן קאָנען רעגירן פעסטער און מיט אַ גרעסערן אויטאָריטעט.

וי חעט זיך עס א. נ. ז*) טרייען. ער זעט, ווי זיין אור-אייניקל האָט פון דאָסניי איינגענומען דיראָזיקע פּראָווינצן פונם ווייטן עבר און ער זעט דערין נקמה פאַר עסטרייכס פאַרראַט בנוגע אים. און דו אַליין מוזט זיכער מנצח זיין טויזנטער הערצער מיט דיין ליבן צאַרטן האַרציקן ווען און מיט די לויכטנדיקע ריינע אויגן—יעדער איז מנצח מיט דעם, וואָס גאָט האָט אים באַטיילט—יעדער אויף זיין אופן. זאָל גאָט בענטשן דידאָזיקע נסיעה. איך בין זיכער, אַז זי וועט פאַרשטאַרקן די כוחות פון אונזערע אַרמייען—אויב זיי נויטיקן זיך דערין. עס פרייט מיך, וואָס קסעניע און אָלגע האָבן געזען דעמדאָזיקן גרויסן מאָמענט. ווי גוט דאָס איז, וואָס דו האָסט באַזוכט אָלגעס לאַזאַרעט—דאָס איז אַ באַלוינונג פאַר איר אומדערמידלעכער אַרבעט.

איך האָב נאָך - וואָס באַקומען דיין טעלעגראַמע פון פּזשעמ(ישל) און די פּלאַנען אויף היינט. און איצט—דיין ליבן בריוו פון 8-טן, פאַר וועלכן איך דאַנק דיר צאַרט טויזנטער מאָל. עס איז אַזאַ פרייד צו באַקומען בריוו פון דיר, איך האָב זיי אַזוי ליב. איך לייג דאָ צו די פאַנאַנדערגעשיפרירטע טעלעגראַמע פון עלאַן. איך שיק זי דיר אויפן פאַל, טאָמער ווערסטו וועלן דערמאָנען וועגן איר אָדער דו וועסט וועלן דערגיין ביי די באַן-באַאַמטע, צי דאָס איז אמת. מאַסן באַריכטן האָב איך געמוזט איבערלייענען, און איצט מוז איך אויפשטיין און פאַרענדיקן זיי עטוואָס שפּעטער.

איך האָב באַקומען זייער אַ האַרציקע טעלעגראַמע פון בעבים גרוזינישן פאָלק.

זיי געזונט, נשמהלע—איך וואָלט אַזוי געוואָלט וויסן, וואו דו ביזט זיך מכין צו טרעפן מיט א י וו אַ נ אָ וו ן און אַ ל ע ק ס יי-ע וו ן און צי דו קאָנסט זיך דאָס מאָל דערשלאָגן צו זיי. זיי געזונט, גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען. צאַרטע קושן פון דיין אייגן ווייבעלע.

די קינדער קושן דיך און גריסן דעם אַלטן און נ. פּ

*) אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי I.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 12 אפריל 1915.

עליבטער.

וואו ביזטו איצט? קסעניע האָט טעלעגראַפירט, אַז איר האָט צוזאַמען געמיטאָקט פאַר דיין אָפּפאָר. איך מוז אַ קוק טאָן אין די צייטונגען. איצט לייג איך מיך אין בעט אַריין זעקס אַ זייגער און שטיי שוין מער נישט אויף; איך ליג נאָר נישט פון צוועלף ביז זעקס. די קינדער זיינען אַוועק אין קלויסטער. ביי בעבין איז דער פוס נישט אינגאַנצן אין אָרדנונג, אַזוי, אַז מען טראָגט אים און מען פירט אים אַרום, אָבער ער ליידט נישט קיין יסורים. היינט אינדערפרי האָט ער ביזן שפּאַציר גע-שפּילט אויף מיין בעט אין „קאָלאָריטאָ״. עס איז זייער אַ זוניק וועטער, הגם עפּטער ווערט אַלץ באַדעקט מיט שוואַרצע וואָלקנס. איך פאַרהאָף, אַז מען וועט ווידעראַמאָל קאָנען ליגן אויף דער פרייער לופט. איך נעם איין אַ סך אייזן, אַרשעניק און האַרצ-טראָפּנס, און איצט פיל איך זיך עטוואָס קרעפטיקער.

מיר האָבן נישט געזען די ליבע קליינינטשקע פּורצע-לאַדזשע מיט איר רייצפולן בעבי. זי איז אַזאַ דרייסט קליין וועזן—זי באַקומט בריוו פון אים—אָבער זי ווייס נישט, צי ער איז שווער פאַרוואונדעט און ווי אַזוי ער ווערט אויפגעפּאַסט. וועגן דעם דערוועגט ער זיך נישט צו שרייבן, אָבער גאָט צו דאַנקען, וואָס ער לעבט.

איך בין געלעגן צוויי שעה אויפן באַלקאָן, און אַניע איז געזעסן מיט מיר. בעבי איז אַרומגעפאָרן אין זיין מאָטאָר און נאָכדעם אין דעם קליינינטשקן עקיפּאַזשל.

איך האָב אויפגענומען מיין קניאַזשעוויטש; ער האָט בדעה זיך אומצוקערן צו די אולאַנער—דורך דער הויפטקוואַר־טיר—אָבער דער אָרעמער איז אין ספק, צי ער וועט קאָנען אָנ־פירן מיטן פאָלק, מחמת ער שרעקט זיך, אַז ער וועט נישט קאָנען רייטן צוליב זיינע נירן. אויב דאָס איז אַזוי, וועט ער זיך אומקערן און וועט זוכן עפעס אַן אַנדער דינסט, מחמת ער האַלט, אַז בנוגע צום פאָלק איז נישט אָנשטענדיק (אַנדערש צו האַנדלען). מיין טייערער, היינט איז דרויסן גאָר פרילינג, ס׳איז אַזוי שיין.

איך בענטש און קוש דיך אָן אַ שיעור פון דער גאַנצער טיפעניש פון מיין גרויסער ליבע, זיי געזונט, נשמהלע.

אויף שטענדיק דיין אייגן אַלט

„זונעלע".

זעכצן אולאַנער האָבן זיך געראַטעוועט—צוויי האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף די פערד פון דייטשע אָפיצירן און זיינען אַוועקגעלאָפן צוריק; מען איז זיך גוט באַגאַנגען מיט זיי.

אַ סך גרוסן פאַר דעם אַלטן, דעם קליינינטשקן אַדמיראַל, גראַבען און נ. פ.

אַלע קינדער קושן דיך צאַרט. דו פעלסט מיר אַזוי, טייע־רע זון פון מיין קליינינטשקן הויז.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 7 מערץ 1915.

מיין לעבן.

וואָס פאַר אַ פרעכטיקער זוניקער פרימאָרגן. היינט וועל איך ליגן אַ זייגער צוועלף און נאָכדעם, רעכן איך, אויך נאָכן פרישטיק. דאָס האַרץ איז נישט פאַרגרעסערט, די לופט און די

רפואות העלפן, און איך פיל מיך ממש בעסער און קרעפטיקער, גאָט צו דאַנקען. מאָרגן איז שוין זעקס וואָכן זינט איך האָב צום לעצטן מאָל געאַרבעט אין לאַזאַרעט. דער קאָמאַנדיר פון בעבים „גרוזינער" איז נעכטן געזעסן מיט מיר אַ האַלב שעה — אַזאַ אָנגענעמער מענטש. פריער איז ער געווען אין גע-נעראַל-שטאַב, און אַ שעף פון דער גרענעצוואַך אין קאַווקאַז, און ער לויבט זייער זיין פאָלק און דעם אָרעמען גראַבאָוואָיען. מישטשענקאָ האָט, ווייזט אויס, צוויי מאָל דערמאָנט אין זיינע באַפעלן וועגן דעם יונגן אָפיציר (ער האָט באַדאַרפט באַקומען אַ געאָרגי-קרייץ און געווער. דער קאָמאַנדיר האָט זיך משתדל געווען פאַר אים, ער זאָל באַקומען דידאָזיקע אויסצייכנונגען). צום מיטאָג האָב איך מיך אַנידערגעלייגט אויפן דיוואַן און בין פאַרבליבן ביז עלף אַ זייגער.

שטעל דיר פאָר, אין אָלגע אָרלאָווס לאַזאַרעט איז געווען אַ יינגל מיט אַ געאָרגי-קרייץ. סוף-כל-סוף האָט ער אַרויסגערו-פען עפּעס אַ ספק. ווי קומט צו אַ פּריוויליקן אַן אָפיצירן-קרייץ? מיר האָט ער געזאָגט, אַז ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין פּרייוויליקער, ער זעט אָבער אויס נאָך גאָר אַ יינגל. ער האָט זיך אויסגעשריבן פון לאַזאַרעט. אויף זיין טיש האָט מען געפונען אַ דייטשן שיפער, און איצט דערציילט מען מיר, אַז מען האָט אים אויפגעהאָנגען. ווי שרעקלעך! און איך געדיינק, ווי ער האָט געבעטן, מען זאָל אים געבן אונזערע בילדער מיט אויטאָגראַפן. ווי האָט מען עס געקאָנט אַריינפּלאָנטערן אַזאַ יינגל. בעבי האָט נאָר-וואָס געבראַכט איינעם פון יענע דייטשע פיילן, וואָס ווערן געוואָרפן פון די אַעראָפּלאַנען. וואָס פאַר אַ שאַרפער פייל! געבראַכט האָט אים ראָמאַנאָווסקי (שוין זשע איז ער אַ פליער?) און האָט געבעטן בעבים פאָטאָגראַפיע. דער אַע-ראָפּלאַן ליגט דאָ ערגעץ. בעבי האָט פאַרגעסן, פון וואַנען מען האָט אים געבראַכט צופירן.

פאָרסטו איצט קיין דרום? איז דיר נישט געלונגען זיך צו דערקריגן צו דיינע גענעראַלן? היינט ביזטו שוין אפשר אין אָדעס! ווי דו וועסט זיך עס אָפּבּרענגען פון דער זון! אויפן

אויער גיב איך דיר איבער קירילס בקשה, וועגן וועלכער ער האָט מיטגעטיילט נ. פּ. און יענער, ווידער, האָט זי איבערגעגעבן אַנינען (מחמת ער האָט געמיינט, אַז ער קאָן דיר עס נישט זאָגן). ער רעכנט, אַז דו וועסט אים מיטנעמען קיין ניקאָלאַיעוו און סעוואַסטאָפּאָל. איך דערמאָן עס דיר אַזוי, ווייל איך רעכן, אַז דו וועסט נישט האָבן קיין אָרט פאַר אים.

ווי עס פרייט מיך, וואָס דו וועסט זען אונזערע טייערע פּאַמראָזן. איצט וועסטו אויך דערגיין, וויפיל פלאַסטונישע באַטאַליאָנען זיינען פאַראַן און ווען קאָן איך זיי שיקן אַ הייליק בילד.

אונזער פּריינט איז צופרידן, וואָס דו ביזט אַוועקגעפאָרן קיין דרום. ער האָט אַזוי פלייסיק מתפלל געווען אין דידאָזיקע נעכט. כמעט נישט געשלאָפן. אַזוי שטאַרק האָט ער זיך באַאומרואיקט פאַר דיר. דער ערשטער שענדלעכער, פאַרשאָלטענער יוד, וואָס וואָלט זיך נאָר אונטערגערוקט, האָט געקאָנט מאַכן אַ סקאַנדאַל.

איך האָב נאָר-וואָס באַקומען דיין טעלעגראַמע פון פּראָסקוראָוו; עס איז גוט, וואָס אין קאַמענעץ-פּאָדאָלסק וועסטו זען דאָס הינטערצאַמרישע גרענעץ-מיליטער. דידאָזיקע נסיעה וועט דיר באמת געבן די מעגלעכקייט צו זען וואָס מער און דו וועסט קומען אין פאַרקער מיט די אַרמייען.

איך האָב ליב צו וויסן, אַז דו טוסט און זעסט גאָר אומגעריכטע זאַכן, נישט דאָס אַלץ, וואָס ווערט פריער אויסגעפּלאַנירט און אָ געמערקט — אָבער à la lettre אומגעריכטע זאַכן (בשעת זיי זיינען מעגלעך) זיינען מער אינטערעסאַנט. אַ סך, אַ סך וועט דיר אויסקומען צו שרייבן אין דיין טאָגבוך און נאָר אויף די סטאַציעס.

מיר זיינען פאַרבליבן אויפן באַלקאָן בלויז אַ האַלב שעה צייט — עס איז געוואָרן צו ווינטיק און צו קיל. נאָכן פרישטיק האָב איך אויפגענומען צוויי אָפיצירן, נאָכדעם איזען, נאָכדעם האָבינען העכער אַ שעה צייט, נאָכדעם מאַדאַם זיזי און האַלב נאָך אַ זייגער — נאַוורוזאָוון; איך וואָלט אים נאָך אַזוי געוואָלט זען.

איך פאַרהאָף, אַז די צווייטע העלפט פון דער נסיעה וועט אַריבער בשלום.

זיי געזונט, און זאָל דיך גאָט בענטשן און באַשירמען, מיין מלאך. איך באַשיט דיין טייער געזיכט מיט קושן און פאַרבלייב

אויף שטענדיק דיין הייס ליבנדיק אַלט ווייב אַליקס.

אַ גרוס דיין סוויטע.

דער 16-טער איז דער געבורטסטאָג פון נ. פ. פרעג נ. פ.:

צי איז יענער ניקאָלאַי איוואַנאָוויטש טשאַגין, וואָס איז געשטאָרבן, אַ ברודער פון איוואַן איוואַנאָוויטש, דעם גענעראַל פון אינפאַנטעריע, וואָס געפינט זיך, ווי מען זאָגט, אין פעטראָגראַד? איך ווייס נאָר, אַז ער האָט געהאַט אַ ברודער אין מאָסקווע און עס איז געווען איינער, אַן אַרכיטעקטאָר, וואָס איז געשטאָרבן.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 17 אַפּריל 1915.

מיין ליבער.

היינט איז העל, זוניק, און קאַלט. אַ שעה בין איך געלעגן אויפן באַלקאָן און האָב איינגעזען, אַז עס איז צו-קיל. נעכטן איז פּאַוול געקומען צום טיי. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט נאָר-וואָס באַקומען אַ בריוו פון מאַרין, אין וועלכן עס ווערט מיטגעטיילט וועגן דיין שמועס אין צוג וועגן דמיטריען. ער האָט נעכטן אין אָוונט געשיקט נאָכן יונגל און האָט זיך

מכין געווען ערנסט איבערצוריידן מיט אים. ער איז אויך זייער אויפגערעגט דורך דעם יינגלס אויפפירונג אין שטאָט און אַז. וו.

אין אָוונט, 8 מיט 20 מינוט איז געשען דער אויפרייס. איך שיק דיר אָבאָלענסקיס מעלדונג. איצט האָב איך טעלעפאָנירט סערגייען, ער זאָל זיך דערוויסן—מען שמועסט, אַז עס זיינען דאָ ביז הונדערט פופציק שווער-פאַרוואונדעטע. וויפיל זיינען דאָ דערהרגעטע קאָן קיינער נישט זאָגן, ווייל מען קלייבט צוזאַמען שטיקלעכווייז. ווען מען וועט צונויפזאַמלען די איבערגעבליבענע אַרבעטער, וועט מען קאָנען וויסן, ווער עס פעלט. אין מאַנכע ערטער אין שטאָט און אויף די גאַסן האָט מען אַבסאָלוט גאָרנישט געהערט. דאָ האָט אַן אַנדערער יאָ דערהערט זייער דייטלעך דעם אויפרייס, אַזוי, אַז מען האָט שוין געקלערט, אַז דאָס האָט געמוזט געשען אין צאַרסקאָיע סעלאָ. גאָט צו דאַנקען, וואָס דאָס איז נישט געווען קיין פולווערלאַגער, ווי מען האָט פריער געשמועסט.

איך האָב באַקומען אַ לאַנגן ליבן בריוו פון ערנין. איך וועל דיר אים ווייזן, ווען דו וועסט זיך אומקערן אַהיים. ער זאָגט, אַז „אויב עמעץ, ווער עס פאַרשטייט אים (דיך) און ווייס וואָס ער גייט דורך, איז עס איך". ער קושט מיך זייער צאַרט. ער וואָלט וועלן געפינען אַן אויסוועג פון דערדאָזיקער דילעמע און ער האַלט, אַז מען האָט באַדאַרפט אָנהויבן בויען אַ בריק פאַר אונטערהאַנדלונגען. און דעריבער איז אים איינגעפאַלן, אַרויסצושיקן פריוואַט אַ פאַרטרויטע פערזאָן קיין שטאָקהאָלם, צו טרעפן זיך דאָרט מיט אַ פערזאָן, וואָס זאָל זיין געשיקט פון דיר (אויך פריוואַט); זיי דאַרפן מיטהעלפן דערצו, אַז אַ סך צייטווייליקע מניעות זאָלן באַזייטיקט ווערן. דערדאָזיקער רעיון איז אים איינגעפאַלן דערפאַר, ווייל אין דייטשלאַנד איז נישטאָ קיין אמתע שנאה צו רוסלאַנד. האָט ער, אַלזאָ, אַרויסגעשיקט אַ מענטשן מיט דער כונה, אַז יענער זאָל דאָרט זיין דעם 28-טן (צוויי טעג זיינען שוין אַריבער, און איך האָב מיך ערשט היינט דערוואוסט וועגן דעם) און אין אַ וואָך אַרום זאָל ער זיך אומקערן צוריק. איך האָב דעריבער תיכף אָנגע-

שריבן אַ בריוו (אַלץ דורך Daisy) און האָב אים אַרויסגעשיקט דעמדאָזיקן מענטשן, מיט דער באַמערקונג, אַז דו האָסט זיך נאָך נישט צוריקגעקערט, און דעריבער איז גלייכער, ער זאָל נישט וואַרטן און הגם אַלע לעכצן נאָך שלום, דאָך אָבער איז נאָך נישט געקומען די צייט דערצו.

איך האָב עס געוואָלט פאַרענדיקן ביז דיין קומען, ווייל איך ווייס, אַז דאָס וועט דיר זיין נישט אָנגענעם.

W.*) ווייס, נאַטירלעך, גאָרנישט וועגן דעם.

ער (ערני) זאָגט, אַז אין פראַנקרייך שטייען (דייטשע) אַרמייען, ווי אַ שטאַרקע וואַנט, און זיינע פריינט זאָגן, אַז אין צפון און אין די קאַרפאַטן אויך דאָס אייגענע. זיי מיינען, אַז זיי האָבן 500,000 אונזערע געפאַנגענע.

דער גאַנצער בריוו איז זייער אַ ליבער און אַ ליבנדיקער. ער האָט דערוועקט אין מיר גרויס דאַנקבאַרקייט, הגם די פראַ-גע וועגן דעם שליח, וואָס וואַרט אויף דיר, כל זמן דו ביזט נישטאָ, איז זייער אַ פאַרוויקלטע—און פאַר ערנין וועט עס זיין אַן אנטטוישונג.

דאָס האַרץ איז מיר ווידער פאַרגרעסערט, אַזוי, אַז איך גיי נישט אַרויס פון הויז. לילי ד. וועט קומען צו מיר אויף אַ האַלב שעה. איך פאַרהאָף, אַז ביי אייך איז היינט אַ מער וואַרעם וועטער. סעוואַסטאָפּאָל איז ביידע מאָל געוועז נישט פריינטלעך.

קסעניע וועט קומען מאָרגן צום מיטאָג.

אַניע איז היינט אינדערפרי געזעסן מיט מיר אַ שעה צייט. צוויי טעכטער רייטן זיך דורך און צוויי פאָרן. אַלעקסיי פאָרט אויף זיין מאָטאָר. איך וואָלט געוואָלט וויסן, צי דו וועסט קו-מען דעם 21-טן אָדער דעם 22?

רעסין איז אוועקגעפאָרן אין שטאָט, צו באַטראַכטן דעם אָרט (פונם אויפרייס); ער וועט מיר ברייגנען גענויע ידיעות.

---

*) דער דייטשער קייזער הילהעלם.

ווי איך וואָלט געוואָלט העלפן די אָרעמע געליטענע!*).

איצט, מיין טייער פייגעלע, באַדאַרף איך ענדיקן, מחמה איך באַדאַרף נאָך שרייבן פאַר דעם איינגלישן קוריער און צו דער שוועסטער אָלגען. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען. איך קוש דיך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל מיט דער צערטלעכסטער ליבע. אויף שטענדיק, מיין טייערער ניקי,

דיין אַלט
„זונעלע".

צאַרסקאָיע סעלאָ, 20 אפריל 1915.

מיין טייער נשמהלע.

דאָס איז מיין לעצטער בריוו. פאַר דיין אומגעריכטן טייערן בריוו מיט די פרעכטיקע בלומען דאַנק איך דיר צאַרט. איך בענק נאָך דעם כשופדיקן קרים. אין פרילינג איז דאָס אַן ערדישער גן-עדן. אַלץ, וואָס דו שרייבסט, איז אַזוי אינטערעסאַנט. וואָס פאַר אַן אַרבעט דו האָסט אָפּגעטאָן, דו ביזט אודאי מיד, מיין טייערער, מיין מאַנעלע.

יאָ, מיין האַרץ, איך ווייס, אַז דו ביזט איינזאַם און אַלעמאָל מאַכט עס מיך טרויעריק, וואָס דער Sunbeam**) איז נאָך נישט גענוג דערוואַקסן, ער זאָל דיך קאָנען אומעטום באַגלייטן. די משפחה איז טאַקע אַ גוטע זאַך, אָבער קיינער פון

---

*) די קייזערין האָט געשיינקט פאַר די פאַמיליעס פון די געליטענע 3000 רובל

**) דער טראָניורש.

זיי איז דיר נישט נאָענט און קיינער פאַרשטייט דיך נישט, ווי געהעריק. ס'אַראַ שמחה, וואָס דו קערסט זיך אום אַהיים!

אַניעס מומע איז איילִיק געקומען פון מיטאַווע, און דער גובערנאַטאָר איז אַרויסגעפאָרן מיט אַלע דאָקומענטן—עס איז אַ פּאַניק, די דייטשן גייען. מיר האָבן דאָרט נישט קיין מיליטער. די דייטשע מיליטער-אויסשפּירער זיינען שוין, מיין איך, נעבן ליבאַווע. איך בין זיכער, אַז זיי ווילן מאַכן אַ דע-סאַנט מיט זייערע מאַסן פלאָט-מיליטער (וואָס זיינען נישט טע-טיק) און אַנדערע מיליטערטיילן, כּדי זיך פון דאָרט אַדורכצו-שלאָגן צו דרום-צו און נעמען וואַרשע אין רוקן אָדער לײַנג-אויס דעם ברעג, כּדי צו האָבן די אייגענע דייטשן פון פראָנט. דאָס ליגט מיר די גאַנצע צייט אין קאָפּ נאָך פון הערבסט. אונזער פריינט האַלט, אַז זיי זיינען שרעקלעך כיטרע; ער קוקט אויף אַלץ ערנסט, אָבער ער זאָגט, אַז גאָט וועט אונז העלפן. מיין באַשיידענע מיינונג: פאַרוואָס זאָל מען נישט שיקן עטלעכע קאָ-זאַקישע פּאָלקן לײַנגאויס דעם ברעג אָדער אַ רוק טאָן אונזער קאַוואַלעריע צו צפון-צו, אין דער ריכטונג פון ליבאַווע—נישט צו דערלאָזן זיי אַלץ צוצושטערן און צו געפינען אַ באַזע, וואו זיי זאָלן זיך קאָנען באַפעסטיקן מיט זייערע טייוולשע אַעראָ-פלאַנען? מיר ווילן נישט, אַז זיי זאָלן צעשטערן די שטעט און דערהרגענען אומשולדיקע מענטשן—אודאי נישט.

אַלע קינדער און איך קושן דיך אַזוי צאַרט און הייס, מיין געליבטער.

גאָט זאָל געבן, אַז אין צוויי טעג אַרום זאָלסטו זיך ווי-דעראַמאָל געפינען אין מיינע צאַרטע אָרעמס. מאָרגן גייען די קינדער אויף דער אויסשטעלונג און נאָכדעם טרינקען זיי טיי אינם אַניטשקאָוו-פּאַלאַץ. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען אויף שטענדיק. דיין צאַרט ליבנדיק אַלט ווייב

אַליקס.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 4 מאַי 1915.

מיין געליבטער.

דו וועסט דורכלייענען דידאָזיקע שורות, איידער דו וועסט זיך לייגן שלאָפן. דערמאַן דיך, אַז דיין ווייבעלע וועט בעטן צו גאָט פאַר דיר און וועט טראַכטן, אַזויפיל טראַכטן. דו פעלסט מיר שרעקלעך. עס איז אַזוי אומעטיק, וואָס מיר פאַרברייינגען נישט צוזאַמען דיין טייערן געבורטסטאָג. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל. זאָל גאָט דיך בענטשן מיט אַ ברייטער האַנט און זאָל ער דיר שיינקען כוחות און שכל, טרייסט, געזונט און אַ רואיקן געמיט, אַז דו זאָלסט קאָנען ווייטער מוטיק טראָגן די שווערע קרוין-לאַסט, וואָס גאָט האָט דיר אַרויפגעלייגט אויף די אַקסלען. אַך, דאָס איז נישט קיין לייכטער און נישט קיין באַקוועמער קרייץ! ווי איך וואָלט געוואָלט דיר העלפן טראָגן אים! איך וואָלט געוואָלט דיר פאַרלייכטערן דעם יאָך—אַזויפיל איז דיר אויסגעקומען איבערצולײדן פאַר דידאָזיקע צוואַנציק יאָר. און דו ביזט נאָך געבאָרן געוואָרן אין דעם טאָג פון איוב דעם פיללײדנדיקן, מיין אָרעם נשמהלע. גאָט וועט דיר העלפן, איך בין זיכער, אָבער דאָס האַרץ וועט נאָך איבערלעבן אַ סך יסורים און זאָרגן וועלן זיין און שווערע מי, וואָס מען וועט מוזן מו-טיק איבערטראָגן מיט בטחון אין גאָטס חסד און זיין אומבאַ-גרענצטער קלוגשאַפט. עס איז שווער, ווען מען האָט נישט די מעגלעכקייט דיך צאַרט אַ קוש צו טאָן און צו בענטשן דיך אין דיין געבורטסטאָג. צייטנווייז ווערסטו אַזוי איינגעמידט פון יסורים און פון אומרואיקייט און דו לעכצט אַזוי נאָכן שלום.

אַך, ווען וועט ער קומען? וואָלט איך געוואָלט וויסן. וויפיל חדשים נאָך פון בלוטפאַרגיסונג און יסורים? נאָך אַ רעגן באַווייזט זיך די זון, און אויך אין אונזער לאַנד וועלן קומען גאָלדענע טעג פון לייטזעליקייט נאָכדעם ווי זיין באָדן איז אָנגעטרונקען געוואָרן מיט בלוט און מיט טרערן. גאָט איז נישט אומגערעכטיק און מיין צוטרוי צו אים לאָזט זיך נישט וואַקלען. אָבער עס איז אַזאַ ווייטאָג צוצוזען די אַלע יסורים,—וויסן, אַז נישט אַלע אַרבעטן, ווי מען באַדאַרף, אַז די קליינע מענטשעלעך מאַכן אָפט קאַליע די גרויסע זאַך, פאַר וועלכער אַלעבאַדאַרפן אַרבעטן אין אוניסאָן. זיי פעסט, מיין טייערער, פיר דורך דיין מיינונג, זאָלן די אַנדערע פילן, אַז דו ווייסט, וואָס דו טוסט. געדיינק, אַז דו ביזט אַן אימפעראַטאָר, און אַז אַנדערע טאָרן נישט נעמען אויף זיך אַזויפיל. אָנגעהויבן פון אַ קליינינטשקן פּרט, ווי עס איז געשען מיט נאָסטיצן*). ער איז אין דיין סוויטע, און דעריבער האָט נ. (ניקאָלאַשע) קיין שום רעכט נישט אָפּצוגעבן באַפעלן, איידער ער בעט נישט דיין דערלויבעניש דערויף.

ווען דו וואָלסט געטאָן אַזאַ זאַך מיט איינעם פון זיינע אַדיוטאַנטן און דו וואָלסט אים פריער נישט מתרה געווען וועגן דעם—וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל וואָלט ער עס אויפגעהויבן און אַ באַליידיקטן וואָלט ער געשפּילט און אַז. וו. ווען מען האָט נישט די פעסטע זיכערקייט, טאָר מען נישט אַזוי לייכט רואינירן די קאַריערע פון אַ מענטשן. איצט, מיין ליבער, אויב מען דאַרף באַשטימען אַ נייעם קאָמאַנדיר פאַר די גיזשעגאָראָדער, וואָלסטו אפשר פאָרגעלייגט יאַגמינען?

איך מיש מיך אפילו אַריין אין אַזוינע זאַכן, וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו מיר, אָבער דאָס איז בלויז אַ רמז (און דאָס איז דאָך דיין פאָלק, קאָנסטו דאָך באַשטימען וועמען דו ווילסט).

---

*) נאָסטיץ איז דערווייטערט געוואָרן דורך ניקאָלײַ ניקאָלײַעוויטשן, ווייל מען איז חושד געווען זיין ווײַב אין דייטשע סימפּאַטיעס.

באַמי דיך, אַז די מעשיות מיט די יידן זאָלן אויפמערק־זאַם אויפגעקלערט ווערן, אָן איבעריקע סקאַנדאַלן, אַז זיי זאָלן נישט אַרויסרופן קיין מהומות אינם גאַנצן קאַנט*). באַמי דיך אויך, מען זאָל ביי דיר נישט אויסנאַרן קיין נישט נויטיקע באַשטימונגען און אויסצייכנונגען צום 6-טן**). פאַראַן נאָך אַ סך חדשים פאָרויס. צי קאָנסטו נישט אַ פּלי טאָן קיין כּעלם, צו זען זיך מיט איוואַנאָוון, אָדער זיך אָפּשטעלן אין וועג און זען די סאָלדאַטן, וואָס דאַרפן אַוועקגעשיקט ווערן צו דערגאַנצן די פּאָלקן.

איך וואָלט געוואָלט, אַז דיין יעדע נסיעה זאָל זיין נישט בלויז אַ פרייד פאַר דער הויפּטקוואַרטיר (אָן מיליטער), נאָר פאַר די סאָלדאַטן און די פאַרוואונדעטע. זיי נויטיקט זיך מער אין דעם, אַז דו זאָלסט זיי שטאַרקן, און פאַר דיר איז דאָס אויך נוצלעך. טו דאָס, וואָס דו ווילסט, און נישט דאָס, וואָס די גענעראַלן ווילן. וואו דו וועסט קומען, וועסטו אומעטום אויפהויבן דעם מוט.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 7 מאַי 1915.

מיין טייערער מלאך.

איך שרייב דיר ווידער אין גרויס איילעניש—קיין מנוחה איז נישטאָ. נעכטן אין אָוונט זיינען מיר געוועזן ביי אַניען. איך האָב נישט רואיק געשלאָפן—אויפן האַרצן ליגט אַ שווערע

*) אין די ציישונגען איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז עס ווערן אַרויסגעשיקט די יידן פון די גובערניעס ביים פראָנט. אין עטלעכע טעג אַרום איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז דאָס אַרויסשיקן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

**) דער געבורטסטאָג פון קיסר.

זאָרג. אין דידאָזיקע שווערע צייטן איז באַזונדערס שווער נישט צו זיין אינאיינעם מיט דיר. נאָכן זנאַמעניע-קלויסטער בין איך היינט אינדערפרי אַריין צו אַניען. אירע ליבע פלימעניצעס און אַליע האָבן איבערגעגעבן איבערגענעכטיקט ביי איר אין הויז, צו אָטעמען מיט אַ גוטער לופט. נאָכדעם האָבן מיר געהאַט אַן אומרואיקע אָפּעראַציע, מחמת עס איז געווען אַ שווערער צופאַל, און מיר האָבן געאַרבעט ביז צוויי אַ זייגער. נאָכדעם בין איך מיך אַדורכגעגאַנגען מיט קאַראַנגאָזאָוון און גאָרדינסקין, און נאָכדעם איז געווען טאַטיאַנעס קאָמיטעט—אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון אַ אַ פערטל דריי ביז פיר אַ זייגער.

איך בין געווען ביי אַניען ביז פינף און דאָרט געזען אונזער פּ ר י י נ ט. ער טראַכט אַ סך וועגן דיר און בעט גאָט. מיר זיינען געזעסן צוזאַמען און געשמועסט—און דאָך וועט גאָט העלפן. ס'איז שרעקלעך, נישט צו זיין מיט דיר אין אַזאַ צייט, ווען דאָס האַרץ טוט אַזוי וויי און איז באַאומרואיקט. גאָט מיינער, ווי איך וואָלט דיר געוואָלט העלפן. עס איז נאָר איין טרייסט, וואָס נ. פּ. איז נעבן דיר, דעמאָלט בין איך רואיקער. אַ פּשוט וואַרעם האַרץ און אַ גוטער בליק העלפן, בשעת דאָס האַרץ איז פול מיט זאָרג. אַבי נישט עפּעס אַ גראָבער אָ(רלאָוו) אָדער אַ דרענט(עלן). מחמת די קאָזאַקן האָבן יעדעס מאָל אַזוי געבעטן, האָב איך געזאָגט, אַז איינער אָדער צוויי אָפיצירן קאָנען פאָרן מיט אונז. איך שרעק מיך, אַז דאָס וועט דאָך זיין זייער אָפיציעל, אָבער אונזער פּ ר י י נ ט פאַרלאַנגט, איך זאָל מאַכן אַזוינע נסיעות*).

אוצר פון מיין האַרצן, מיין טייערער מלאך, גאָט וועט דיר העלפן און טרייסטן און שטאַרקן, און וועט העלפן אויך אונזערע מוטיקע העלדן. איך קוש דיך נאָך און נאָך און איך בענטש דיך אָן אַ שיעור. איך מוז ענדיקן.

אויף שטענדיק דיין אייגן ווייבעלע.

---

*) עס האַנדלט זיך וועגן דער נסיעה קיין חיטעבסק.

באַרסקאַיע סעלאָ, 12 מײַ 1915.

מײַן געליבטער.

אַז מיר זײַנען געקומען פון לאַזאַרעט, האָב איך געפונען דײַן טײַערן בריוו. איך דאַנק דיר פאַר אים פון דער טיפעניש פון אַ ליבנדיקן האַרצן. מײַן ליבסטער, עס איז אַזאַ פרייד צו באַקומען ידיעות פון דיר. אַ דאַנק פאַר אַלע פּרטים. איך האָב אַזוי געוואָלט באַקומען עכטע גענויע ידיעות פון דיר. ווי שווער עס איז געווען איבערצולעבן דידאָזיקע טעג, און איך בין נישט געווען צוזאַמען מיט דיר, און דו האָסט באַדאַרפט איבערקומען אַזויפיל שווערע אַרבעט. גאָט צו דאַנקען, וואָס איצט איז אַלץ בעסער, און איטאַליע וועט אודאי אָפּציען אַ געוויסע צאָל מי-ליטער. סאַוויטשן געדיינק איך, איז ער נישט געווען אין קרים? איך געדיינק נישט דאָס געזיכט פון דעם נייעם אַדמיראַל—ער איז נ. פּ.ס אַ שוועסטערקינד. איז עס וואָר, אַז אַלע עריוואַנער און די גאַנצע קאַווקאַזישע דיוויזיע איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די קאַרפּאַטן?... זיי פרעגן מיך דעריבער.

יענגאַל(יטשעוו) זאָגט, אַז אין דער גאָענט פון קאַווקאַז ריכט מען זיך אויף שווערע שלאַכטן, אָבער ער האַלט, אַז אונזערע צוויי גענעראַלן (איך געדיינק נישט די נעמען) זײַנען שוואַך און אַז דאָס זײַנען נישט יענע טיפּן, וואָס קאָנען אויס-האַלטן אַ שווערן ד ר ו ק. ער האָט אַזוי געזאָגט נ.(יקאָלאַשען) און יאַנושק(עוויטשן).

דאָס פּאַפּיר, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט וועגן מײַנע קרימער, האָט מיך אַזוי דערפרייט.—זײַנען זיי ווידעראַמאָל אין

אַן אַנדער דיוויזיע. מיינע אַלעקסאַנדראָווער האָבן זיך אויך גוט געהאַלטן אונטער שאַוול. איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס מאַכט מיין קניאַזשעוויטש; זינט ער איז אַוועקגעפאָרן, האָב איך קיין שום ידיעות נישט וועגן אים. איך האָב ערשט אויפגענומען עלף אָפיצירן—אַ גרויסער טייל גייט אַוועק קיין יעוופּאַט(אָריע). דאָס געזעץ וועגן די אַכט אָדער ניין חדשים איז זייער אַ האַרב געזעץ; מאַנכע האָבן איבערגעבראָכענע ביינער, וועלכע קאָנען זיך צונויפוואַקסן ערשט אין אַ יאָר אַרום, פריער איז עס אוממעגלעך. דעמאָלט אָבער וועלן זיי שוין לחלוטין טויגן צום דינסט. איצט קאָנען זיי זיך נישט אומקערן אין זייערע פּאָלקן און זיי פאַרלירן אַזויאַרום זייער געהאַלט. און מאַנכע פון זיי זיינען אַזוי אָרעם, אַז זיי האָבן נישט קיין אייגענע מיטלען. דאָס זעט באמת אויס נישט יושרדיק. די, וואָס זיינען געקאַליעטשעט געוואָרן נישט אויפן גאַנצן לעבן, נאָר אויף אַ צייט, און וואָס האָבן מוטיק דערפילט זייער חוב—פאַרוואונדעטע און נאָכדעם אַוועקגעשליידערטע ווי אָרעמעלייט — זייערע מאָראַלישע יסורים מוזן זיין זייער גרויס. מאַנכע יאָגן זיך שנעל צוריק, צוליב נישט צו פאַרלירן אַלץ און צוליב דעם, קאָן זיין, פאַרלירן זיי לגמרי דאָס געזונט. געוויס, מאַנכע טיפן (נישט קיין סך) באַדאַרפן אָפּגעשיקט ווערן אין זייערע פּאָלקן, מחמת זיי טויגן זיך שוין צום דינסט.

וואָס פאַר אַ פרייד, אויב מיר וועלן זיך באמת זען דאָנערשטיק.

זיי געזונט, מיין ליבע. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען פון אַלדאָס בייז. צאַרטע קושן פון אונז אַלעמען.

דיין אייגן ווייבעלע.

צארסקאיע סעלא, 10 יוני 1915.

מיין טייערע:

מיט אַ שווער האַרץ האָב איך דיך דאָסמאָל באַגלייט— אַלץ איז אַזוי ערנסט, און איצט איז אַזוי באַזונדערס שווער, און איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיין מיט דיר צוזאַמען, צו טיילן מיט דיר דיין זאָרג און דיין אומרו. דו טראָגסט עס אַלץ אי-בער אַזוי דרייסט און אין איינזאַמקייט. דערלויב מיר, צו העלפן דיר, מיין אוצר. עס איז געוויס פאַראַן עפעס אַ מיטל פאַר אַ פרוי צו העלפן און צו זיין נוצלעך. איך וואָלט דיר אַזוי גע-וואָלט פאַרלייכטערן דיינע אויפגאַבע. און די אַלע מיניסטאָרן, וואָס רייסן זיך אַרום צווישן זיך—אין אַזאַ צייט האָבן זיי באַ-דאַרפט צוזאַמען אַרבעטן און פאַרגעסן אין זייערע פערזענלעכע באַליידיקונגען—אַרבעטן לטובת זייער מלך און פאָלק. דאָס ברייגגט מיך ממש אַרויס פון די כלים—דאָס איז, פשוט גע-זאָגט, פאַראַט, ווייל דאָס פאָלק וויס דערפון, דאָס פאָלק פילט, אַז אין דער רעגירונג קומען פאָר רייבונגען, און די לינקע באַנוצן זיך דערמיט. ווען דו וואָלסט אָבער געקאָנט זיין שטרייגגער, מיין טייערע, דאָס איז אַזוי נויטווענדיק. זיי דאַרפן הערן דיין שטים און זען די אומצופרידנקייט אין דיינע אויגן. זיי זיינען צופיל צוגעוויינט צו דיין ווייכקייט און גוטסקייט, וואָס איז אַלץ מוחל.

אפילו אַ שטיל געזאָגט וואָרט דערגייט טיילמאָל ווייט, אָבער אין אַזאַ צייט, וואָס מיר לעבן איצט איבער, איז נויט-ווענדיק, אַז עס זאָל זיך דערהערן דיין שטים, וואָס זאָל קליג-

געגן הויף מיט פּראָטעסט און פּאָרוואורף, בשעת זיי געהאָרכן נאָך אַלץ נישט דיינע באַפעלן און איילן נישט זיי אויסצופירן. זיי באַדאַרפן זיך אויסלערנען צו ציטערן פאַר דיר. געדיינקסט Mr. Ph*) און גר(יגאָרי)**) האָבן אויך געזאָגט דאָס אייגענע. דו מוזט פּשוט באַפעלן, אַז דאָס אָדער יענץ זאָל אויסגעפירט ווערן, און בעת בעשה גאָרנישט פרעגן, צי דאָס איז מעגלעך (דו ווערסט דאָך קיינמאָל נישט פּאָדערן אַזוינס, וואָס איז נאַריש אָדער משונה-ווילד), ווי, אַ שטייגער, אין פראַנקרייך (אין אַ רעפּובליק) באַפעלן, אַז די אָדער יענע זאַוואָדן זאָלן אויסאַר-בעטן האַרמאַטן-קוילן און פּאַטראָנעס (אויב די האַרמאַטן אָדער ביקסן זיינען אַ צו קאָמפּליצירטע אַרבעט)—טאָ זאָלן די גרויסע זאַוואָדן שיקן אינסטרוקטאָרן. דאָרט, וואו עס איז דאָ אַ ווילן, איז אויך פאַראַן אַ מיטל צו פאַרווירקלעכן, און זיי אַלע דאַרפן פאַרשטיין, אַז דו ווילסט דורכאויס, דיין רצון זאָל שנעל דער-פילט ווערן. זיי מוזן געפינען מענטשן, פאַבריקאַנטן, וואָס זאָלן אַלץ איינאָרדנען; זאָלן זיי זיין אומעטום און זאָלן זיי אַליין אָננעמען מיטלען, אַז די אַרבעט זאָל אויסגעפירט ווערן. דו ווייסט דאָך, ווי אונזער פאָלק איז טאַלענטירט, ווי עס איז באַ-גאַבט—אָבער עס איז פויל און אָן איניציאַטיוו. מען באַדאַרף זיי נאָר לאָזן און זיי וועלן שוין אַלץ מאַכן; איבערהויפּט פרעג נישט, נאָר באַפעל, זיי ענערגיש צוליב דיין אייגענער מלוכה.

דאָסזעלבע איז אויך מיט דער פראַגע, וואָס אונזער פריינט נעמט זיך אַזוי צום האַרצן און וואָס איז די סאַמע ערנסטע פראַגע פון אַלע בנוגע די אינטערעסן פון דעם אינע-ווייניקסטן שלום—מען דאַרף נישט נעמען קיין רעקרוטן פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. אויב דער באַפעל איז שוין אָפּגע-געבן געוואָרן וועגן דעם, טאָ זאָג נ.(יקאָלאַשען), אַז דו ווילסט

---

*) מיסטער פיליפ, באַקאַנטער פראַנצויזישער אַוואַנטוריסט, וואָס האָט נאָך פאַר ראַספּוטינען געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין רוסישן הויף.

**) ראַספּוטין.

דורכאויס אים מבטל מאַכן—מען זאָל אין דיין נאָמען „אָפּ-
וואַרטן” דערמיט. דידאָזיקע באַרמהאַרציקע פאַראָרדנונג באַדאַרף
אַרויסגיין פון דיר—דו הער נישט קיין שום תּירוצים (איך בין
זיכער, אַז דאָס איז געמאַכט געוואָרן נישט מיט אַ כּיון, נאָר
ווייל מען ווייסט נישט דעם מצב פון לאַנד). דעריבער שרעקט
עס אונזער פּ ר יי נ ט, וואָס דו געפינכט זיך אין דער הויפּטקוואַר-
טיר, מחמת אַלע קומען צו דיר מיט זייערע דערקלערונגען און
דו גיסט זיי נאָך, נישט-ווילנדיק, בשעת דיין אייגן געפיל זאָגט
דיר אונטער ריכטיק, אָבער פּאַר זיי טויג זיך עס נישט. גע-
דיינק, אַז דו האָסט לאַנג געהערשט און דו האָסט אַ ס ך מער
דערפאַרונג, ווי זיי. נ.(יקאָלאַשע) טראַכט בלויז פון דער אַר-
מיי און איר ערפאָלג—דו טראָגסט אָבער שוין יאָרנלאַנג די
אינערלעכע אחריות. אויב ער מאַכט אַ פעלער, וועט ער זיך
נאָך דער מלחמה פאַרוואַנדלען אין גאָרנישט, אָבער דיר וועט
אויסקומען אַלץ פון דאָסניי אויסצובעסערן. ניין, דו געהאָרך
אונזער פּ ר יי נ ט, גלויב אי ם, ביי אי ם ליגט נאָענט צום האַרצן
סיי דיין אינטערעס און סיי דער אינטערעס פון רוסלאַנד. גאָט
האָט דאָך אים פּאָרט אונז צוגעשיקט נישט אומזיסט—און מיר
באַדאַרפן לייגן מער אַכט דערויף, וואָס ער זאָגט. זיינע ווער-
טער זיינען נישט לייכטזיניק אַרויסגעזאָגט געוואָרן. און עס איז
זייער וויכטיק, וואָס מיר האָבן נישט בלויז ז יי נ ע תּפילות, נאָר
אויך ז יי נ ע עצות. די מיניסטאָרן איז גאָרנישט איינגעפאַלן
דיר צו זאָגן, אַז דערדאָזיקער מיטל איז אַ קאַטאַסטראָפאַלער,
אָבער ע ר האָט געזאָגט. ווי שווער דאָס איז נישט צו זיין מיט
דיר צוזאַמען, מען זאָל קאָנען וועגן אַלץ רואיק איבעררידן
און דיר העלפן זיין שטאַרק. איך וועל דיר נאָכפאָלגן און די
גאַנצע צייט וועל איך דיר זיין נאָענט אין די רעיונות און
תּפילות. זאָל גאָט דיך בענטשן און באַשירמען, מיין מוטיקער,
געדולדיקער און גוטער. אָן אַ שיעור באַשיט איך דיין ליב
געזיכט מיט צאַרטע קושן. איך האָב דיך ליב איבער ווערטער,
מיין אייגענע זון און פרייד. איך בענטש דיך. עס איז טרוי-
עריק, וואָס מיר בעטן נישט גאָט צוזאַמען, אָבער באָטקין האָלוי-

אַז פאַר מיר איז גלייכער צו פאַרבלייבן רואיק, כדי איך זאָל אינגאַנצן געזונט ווערן.

דיין אייגן ווייבעלע.

דעם 14-טן ווערט מאַרין 16 יאָר. דו שיינק איר פון אונז אויך אַזאַ בריליאַנטענעם האַלזבאַנד, ווי עס האָבן באַקומען די עלטערע צוויי.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 11 יוני 1915.

מיין טייערער.

מיינע צערטלעכסטע רעיונות רינגלען דיך אַרום מיט ליבע און בײנקשאַפט נאָך דיר. עס איז געווען אַ פּרעכטיקער סורפּריז—דאָס, וואָס דו האָסט זיך פלוצלונג ווידעראַמאָל באַוויזן: איך האָב געבעטן צו גאָט און געוויינט און האָב מיך געפילט אומגליקלעך. דיין טייערע טעלעגראַמע איז געווען אַזאַ טרייסט, מחמת איך האָב זיך געפילט אַזוי דערשלאָגן, און אַניעס שענדלעכע שטימונג בנוגע צו מיר (נישט צו די קינדער) האָט, נאַטירלעך, נישט געקאָנט מער באַלעבן מיין טאָג און מיין אָוונט. מיר האָבן געמיטאָקט און געטרונקען טיי אויפן באַלקאָן. היינט אינדערפרי איז ווידעראַמאָל געווען זייער אַ שיין וועטער. איך בין נאָך אַלץ אין בעט און רו מיך אויס, ווי דו זעסט, מחמת דאָס האַרץ איז נאָך אַלץ נישט אין אָרדנונג, הגם עס איז נישט פאַרגרעסערט. איך האָב פאַרנאַנדערגעסאָרטירט די פאָטאָגראַפיעס, איינצוקלייען זיי אין אַן אַלבאָם פאַר דער אַרטיקער לאָטעריי - אויסשטעלונג. שטעל דיך פאָר, דער מאַן פון דער גרויסער מאַרי איז דעם 9-טן געשטאָרבן פון אַ האַרצ-

שלאָג אין בערעזשאַני, אינם גוט, וואָס הייסט „ראַי". זיין קער־פּער האָט מען אַוועקגעפירט קיין טאַרנאָפּאָל. ער איז געווען אַ באַפולמעכטיקטער פון רויטן קרייץ ביי דער 11־טער אַרמיי. איך קאָן מיר פאָרשטעלן מאַריס און אָלגעס פאַרצווייפלונג—זיי האָבן אַזוי ליב געהאַט זייער ברודער איוואַנען. נאָכדעם איז דער אַלטער גראַף אָלפוסיעוו געשטאָרבן—זיי האָבן געלעבט, ווי טייבעלעך. פאַר איר איז דאָס אַזאַ קלאַפּ. מיר דאַכט זיך, אַז דו הערסט בלויז פון טויט. הער, וואָס איך האָב געטאָן די פאַרגאַנגענע נאַכט, ליגנדיק אין בעט. איך האָב אויסגעגראָבן דיינע אַלטע בריוו און האָב אַ סך פון זיי איבערגעלייענט און אויך יענע ווייניקע, וואָס דו האָסט מיר געשריבן, איידער מיר האָבן זיך פאַרקנסט, און אַלע דיינ ע ווערטער פון טיפער ליבע און צאַרטקייט האָבן דערוואַרעמט מיין צעוויטאָקט האַרץ, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך הער, ווי דו רעדסט מיט מיר. איך האָב פון דאָסניי נומערירט דיינע בריוו. דער לעצטער איז דער 176־טער פון דער הויפטקוואַרטיר. שטעל, איך בעט דיך, אויף מיין נעכטיקן בריוו נומער 313. איך פאַרהאָף, אַז מיין בריוו האָט דיך נישט מצער געווען, אָבער איך קאָן מיך נישט באַ־פרייען פונם פאַרלאַנג פון אונזער פריינט און איך ווייס, אַז עס וועט זיין פאַטאַל פאַר אונז און פאַרן לאַנד, אויב דערדאָזיקער פאַרלאַנג וועט נישט דערפילט ווערן. ער ווייס, וואָס ער רעדט, בשעת ער רעדט אַזוי ערנסט. ער איז געווען קעגן דיין נסיעה קיין ל.*) און קיין פּ.**); דידאָזיקע נסיעה איז געווען צו פּריצייטיק, איצט זעען מיר עס. ער איז געווען אַ שטאַרקער געגנער פון דער מלחמה און פון דעם, מען זאָל צונויפרופן די דומע. דאָס איז אַ שענדלעכע טאַט פון ראָדז(יאַנ־קאָן) און די רעדעס האָבן נישט באַדאַרפט געדרוקט ווערן***).

*) לעמבערג.

**) פּשעמישל.

***) דעם 11־טן יוני איז געווען אַ פּריוואַטע באַראַטונג פון די דומע־דעפּו־טאַטן צוזאַמען מיט די מיניסטערן דער פראַגע וועגן דער ערנסטער לאַגע.

איך מיין אַזוי).

איך בעט דיך, מיין מלאך, צווינג נ. (ניקאָלאַשען) צו קוקן מיט דיינע אויגן. זאָלסט נישט דערלויבן, אַז עמעץ פון דער צווייטער קאַטעגאָריע זאָל גערופן ווערן צום מיליטער— לייג עס אָפּ, ווי ווייט מען קאָן נאָר, אויף שפּעטער. זיי מוזן אַרבעטן אין די פעלדער, פאַבריקן, שיפן און אַז. וו. נעם בע-סער איצט רעקרוטן פאַר דעם קומענדיקן יאָר—איך בעט דיך, האָרך זיך צו צו זיין עצה, בשעת ער זאָגט אַרויס זיין מיי-נונג אַזוי ערנסט און שלאָפט נישט קיין נעכט צוליב דעם. מאַכסט איין מאָל אַ פעלער, און מיר וועלן זיך מוזן באַצאָלן דערפאַר. איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ שטימונג האָסטו געפונען אין דער הויפּטקוואַרטיר און צי די היצן זיינען גרויס.

פעליקס*) האָט געזאָגט אַניען, אַז מען האָט (דעמאָלט)** געוואָרפן שטיינער אין עליס קאַרעט און מען האָט געשפּיים אויף איר, אָבער זי האָט עס אונז נישט געוואָלט זאָגן—מען האָט זיך ווידער געשראָקן פאַר די אומאָרדנונגען אין אַ משך פון עטלעכע טעג. די גרויסע מיידעלעך זיינען אין לאַזאַרעט. נעכטן האָבן אַלע פיר געאַרבעט אין באַנדאַזשן-לאַגער און שפּעטער זענען זיי אַוועק צו אירינען. ווי פילסטו זיך, מיין ליבע, דיינע טייערע אומעטיקע אויגן פאַרפאָלגן מיך אַלץ. די טייערע אָלגע האָט אָנגעשריבן אַ ליבן בריוו און זי קושט דיך און פרעגט צאַרט, ווי אַזוי טראָגסטו עס אַלץ אַריבער, הגם זי ווייס, אַז אויסערלעך ביזטו תמיד מוטיק, אָבער דאָס פּיינלעכע און שווערע פאַרבאָרגסטו טיף אין זיך. איך שרעק מיך עפּעטער פאַר דיין אָרעם האַרץ. מען האָט געמוזט אַ ז ו י פ י ל איבער-טראָגן. זאָג זיך אַרויס אָפּנהאַרציק פאַר דיין אַלט ווייבעלע—

*) פירשט יוסופּאָוו (דער פאָטער), געווען אַ קורצע צייט מאָסקווער גענעראַל-גובערנאַטאָר.

**) בשעת די אומאָרדנונגען קעגן די דייטשן אין מאָסקווע.

דיין אַמאָליקער כלה—טייל זיך אַלץ מיט מיר, ס'וועט אפשר לייכטער ווערן, הגם טיילמאָל איז לייכטער אַליין צו טראָגן די אַנגסטן און נישט צו פּאַלן פון מוט. אָבער פּיזיש איז עס זייער שלעכט פאַרן האַרץ, איך ווייס עס צו גוט. מיין פייגעלע, איך קוש דיך אָן אַ שיעור און איך בענטש דיך און באַשיט דיין טייער געזיכט מיט קושן און איך וואָלט געוואָלט באַרויִקן דיין טייער קעפּעלע אויף מיין אַלטן האַרץ, וואָס איז פול מיט אומגעזאָגטער ליבע און צאַרטקייט.

אויף שטענדיק דייז אַלטע

אַליקס.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 12 יוני 1915.

מיין טייערער.

מיט גרויס אומרויִקייט וואַרט איך אָפּ די ידיעות און די אינדערפריענדיקע צייטונגען לייען איך מיט גרויס דורשט, איך זאָל קאָנען וויסן, וואָס ס'איז געשען.

ווידער אַ פּרעכטיק וועטער; היינט צום מיטאָג (אויפן באַלקאָן) איז אַרויסגעפאַלן אַ שלאַקסרעגן. אַפּנים, יעדן טאָג מוז גיין אַ רעגן. פּערזענלעך האָב איך גאָרנישט קעגן דעם, מחמת איך שרעק מיך שטענדיק פאַר היצן. און נעכטן איז געווען זייער הייס. אַניע געפינט זיך אין אַ שלעכטער שטימונג, און דאָס פאַרבעסערט נישט מיין אינערלעכן צושטאַנד. זי וואָרטשעט קעגן אַלץ און אַלעם און דורך פאַרבאָרגענע רמזים גיסט זי סם אויף דיר און אויף מיר. היינט בייטאָג וועל איך מיך אפשר אַ ביסל אַדורכפאָרן שפּאַצירן און מאָרגן האָף איך (אַ

גאַנצע וואָך נישט געווען דאָרט) אַ פּאָר צו טאָן אין לאַזאַרעט, מחמת איינעם פון די אָפיצירן דאַרף מען אָפּערירן די בלינדע קישקע.

דימיטריס*) פוס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין גיפּס. היינט וועט מען באַטראַכטן דעם פוס מיט רענטגען-שטראַלן, וועט מען זען, צי ער איז באמת צעבראָכן אָדער אַ ביין האָט געפּלאַצט אָדער דער פוס איז בלויז אויסגעליינקט.

מיין ליבער, איך בעט דיך, פאַרגעס נישט צו שטעלן די פראַגע וועגן די טאָבאָלסקער טאָטערן. זיי זיינען הער-לעכע און טרייע מענטשן און וואָלטן זיכער אַוועק (אויפן פראָנט) מיט שמחה און שטאָלץ. איך האָב געפונען דאָס פּאַפּיר פון דער אַלטער מאַריע פיאָד.**)—דו האָסט עס מיר אַמאָל געגעבן; דאָסדאָזיקע פּאַפּיר איז זייער קאָמיש, דעריבער שיק איך דיר עס.

נעכטן האָב איך געזען מאַדאַם האַרטוויג. זי האָט מיר פאַרציילט אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן וועגן דעם, ווי זיי האָבן פאַרלאָזט לעמבערג, און דעם שווערן איינדרוק פון די סאָלדאַטן, וואָס זיינען געפאַלן פון מוט און האָבן געטענהט, אַז זיי וועלן זיך מער נישט אומקערן אַהין, צו שלאָגן זיך מיטן שונא מיט ליידיקע הענט. דער גרימצאָרן פון די אָפיצירן אויף סוכאָמלי-נאָוון האָט גאָרנישט קיין גרענעץ. אָרעמער, זיי האָבן פיינט אפילו זיין נאָמען און זיי דורשטן בלויז, מען זאָל אים אַדורכ-טרייבן. נו, עס איז טאַקע גלייכער פאַר אים און אין זיינע אינטערעסן ליגט עס, ער זאָל אַזוי טאָן, איידער עס וועט זיך אויפהויבן אַ סקאַנדאַל. דאָס האָט זי, זיין ווייב די אַוואַנטו-ריסטקע, קאַליע געמאַכט זיין רעפּוטאַציע. ער ליידט צוליב איר שוחד-נעמען און אַז. וו. מען זאָגט, אַז דאָס איז זיין שולד, וואָס עס זיינען נישטאָ קיין קוילן, און איצט איז עס אונזער

---

*) גרויספירשט דמיטרי פּאַוולאָוויטש.

**) דעם קיסרס מוטער.

טויט (אַ קללה). איך זאָג עס דיר דערפאַר, ווייל איך וויל דיר ווייזן, וואָס פאַר אַן איינדרוקן זי האָט געבראַכט.

ווי דו לעכצסט נאָך עפּעס אַ נס, עס זאָל זיין אַן ער-פאָלג, אַז די קוילן און ביקסן זאָלן אַרבעטן טאָפּל. איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי איז די„שטימונג" אין דער הויפּטקוואַר-טיר? ווי איך וואָלט וועלן, אַז נ.(יקאָלאַשע) זאָל זיין אַן אַנדע-רער און זאָל זיך נישט שטעלן קעגן אַ מענטשן, וואָס איז גע-שיקט פון גאָט*). צוליב דעם האָט קיינמאָל נישט קיין מזל-ברכה זיין אַרבעט און דידאָזיקע פּרוּוען דערלאָזן נישט, ער זאָל זיך ענדערן**). ער באַקומט אָן אַ שיעור אויסצייכנונגען און דאַנקען פאַר אַלץ—אָבער צו פּרי. עס איז פּשוט טרויעריק צו טראַכטן, אַז ער האָט אַזויפיל פאַרלאָפּט, אָבער אַלץ איז כמעט אָפּגענומען געוואָרן צוריק.

אָבער דער אַלמעכטיקער גאָט וועט העלפן און עס וועלן קומען בעסערע טעג—דערין בין איך זיכער. זונעלע מיינס, דו מוזט איבערטראָגן אַזאַ לאַסט אויף זיך. איך וואָלט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט דיר, וויסן, ווי דו פילסט זיך אינערלעך, צי ביזטו מוטיק, רואיק, ווי שטענדיק, פאַרבאָרגנדיק דיינע יסורים, ווי תמיד. גאָט וועט דיר העלפן, מיין טייערער בעל-יסורים און ער וועט דיר געבן כוחות, אמונה און מוט. דיין ממשלה איז געווען פול מיט שווערע נסיונות, אָבער ווען עס איז באַ-דאַרף דאָך קומען די באַלוינונג—גאָט איז דאָך גערעכטיק. די פייגעלעך זינגען אַזוי פריילעך און אַ ווייך ווינטעלע פליסט אַריין אין פענסטער. בשעת איך וועל ענדיקן מיין בריוו, וועל איך אויפשטיין—דידאָזיקע רואיקע טעג זיינען געווען אַ רפואה צו מיין האַרץ.

גריס פון מיינטוועגן דעם אַלטן און נ. פּ. עס פרייט מיך, וואָס דער לעצטער איז מיט דיר; איך פיל אַ וואַרעם האַרץ

---

*) ראַספּוטין.

**) די פּרוּוען פון מאָנטאָנעגראָ. איינע פון זיי איז געווען ניק. ניק.ס ווייב.

געבן דיר, און דאָס באַרואיקט מיך פאַר דיר, מיין ליבער. שיק צו מאַרין אַ פּאָר ווערטער. זונטיק ווערט איר זעכצן יאָר. טאַטיאַנע האָט געכטן געריטן. איך האָב איר צוגערעדט, די איבעריקע זיינען, נאַטירלעך, געווען פויל און זיינען אַוועק אין דער שוועסטערס שול, צו שפּילן דאָרט מיטן קליינוואַרג. עפּעס אַ פּירשט גאָליצין, סערג. מיכ.*) איז געשטאָרבן אין לאָזאַן. דאָס איז מסתמא יענער הער, וואָס האָט אַ סך ווייבער.

איצט, מיין טייערער ניקי, באַדאַרף איך מיך געזעגענען— עס צוט מיר באַנג, וואָס איך קאָן דיר גאָרנישט זאָגן אינטערעסאַנטעס.

איך בענטש דיך אָן אַ שיעור, מיין טייערער און באַשיט דיין ליב געזיכט מיט קושן און פאַרבלייב אויף שטענדיק דיין „זונעלע".

צאַרסקאָיע סעלאָ, 10 יוני 1915.

מיין טייערער.

איך הויב אָן מיין בריוו נאָך פון אָוונט, מחמת מאָרגן אינדערפרי רעכן איך צו גיין אין לאַזאַרעט, און איך וועל האָבן וויניקער צייט צום שרייבן. איך מיט אַניען האָבן זיך היינט בייטאָג דורכגעפאָרן קיין פּאַוולאָווסק און עס איז געווען אָנגענעם. אין שאָטן איז גאָר געווען קיל. מיר האָבן געפּרישטיקט און געטרונקען טיי אויפן באַלקאָן, אָבער אין אָוונט אין

*) דער גרינדער פונם גאָליצין־שפּיטאָל אין מאָסקווע.

שוין געווען צו קיל, מען זאָל קאָנען זיצן אין דרויסן. פון האַלב צען ביז האַלב צוועלף זיינען מיר געווען ביי אַניען, איך האָב געאַרבעט אויפן דיוואַן. דריי מיידעלעך האָבן געשפּילט מיט אָפּיצירן אין שפּילערייען. איך האָב מיך איינגעמידט נאָך מיין ערשטן אַרויספאָר. מיין לעמבערגער לאַגער איז דערווייל צייטווייליק אין ראָוונע, נעבן דער סטאַנציע. גאָט זאָל נאָר געבן, אַז מיר זאָלן פון דאָרטן נישט באַדאַרפן אַוועקגיין. דאָס, וואָס מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן יענע שטאָט*), איז זייער שווער, דאָך אָבער איז דידאָזיקע שטאָט געווען נישט אינגאַנצן אונזערע. דאָך איז טרויעריק, וואָס זי איז אַריינגעפאַלן אין אַנדערע הענט. וויליאַם**) שלאָפט איצט אודאי אין בעט פונם אַלטן פר(אַנץ) י(אָסיף), אויף וועלכן דו האָסט געשלאָפן איין נאַכט. דאָס געפעלט מיר נישט, דאָס איז מבייש, אָבער מען קאָן עס נאָך איבערטראָגן. אָבער דער געדאַנק, אַז עס וועט ווידעראַמאָל אויסקומען צו געבן נאָך אַזאַ שלאַכט און די פעלדער וועלן פאַרזייט ווערן מיט די טויטע קערפּער פון אונזערע מוטיקע סאָלדאַטן—צערייסט דאָס האַרץ. אָבער איך טאָר גאָרנישט ריידן מיט דיר אין אַזאַ טאָן, וואָרום דו האָסט אַזוי אויך גענוג צער און אַנגסט. מיינע בריוו באַדאַרפן דיר צוגעבן מוט, אָבער דאָס איז שווער, בשעת דאָס האַרץ און די נשמה זיינען אָנגעזאַפּט מיט אומעט. איך פאַרהאָף, אַז איך וועל מיך מאָרגן אינדערפרי זען אַ רגע'לע מיט אונזער פריינט ביי אַניען, מחמת איך באַדאַרף מיך געזעגענען מיט אים. דאָס וועט מיר העלפן. סערגיי טאַנ(ייעוו)***) האָט באַדאַרפט היינט אין אָוונט אַרויספאָרן קיין קיעוו, אָבער ער האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז די אַקטירער זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטן אָרט, פאָרט ער אַרויס מאָרגן.

---

*) די שטאָט לעמבערג.

**) ווילהעלם II.

***) ברודער פון פרוי א. א. ווירובאָוואַ.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, וואָס איז דאָס פאַר אַ נייע קאָמבי־נאַציע. אַ שאָד, וואָס אַלעקסייעוו איז נישט געבליבן ניט איוואַ־נאָוון, דעמאָלט וואָלט די גאַנצע זאַך אַוועק בעסער—דראַגאָמי־ראָוו האָט אַלץ קאַליע געמאַכט. דו בעטסט און בעטסט צו גאָט, און ס׳איז אַלץ נישט גענוג. פון דער שאָדנפרייד אין דייטשלאַנד האָט מיר אויפגעקאָכט דאָס בלוט. דער אויבער־שטער דאַרף געוויס דערהערן אונזערע תחנונים און צושיקן אונז כאָטש עפּעס אַן ערפאָלג. איצט ווען זיי זיך אַ נעם טאָן צו וואַרשע, און אַ סך מיליטער איז שוין ביי שאַוול. אָ, גאָט, וואָס איז דאָס פאַר אַ שרעקלעכע מלחמה! ליבע דרייסטע נשמה מיינע, ווי איך וואָלט געוואָלט דערפרייען דיין אָרעם אויסגע־מוטשעט האַרץ מיט עפּעס ליכטיקס, מיט עפּעס אַ האָפנונג. איך וויל דיך פעסט אַרומנעמען און אַרויפלייגן דיין ליבן קאָפּ צו זיך אויפן אַקסל; דעמאָלט וואָלט איך באַדעקט מיט קושן דאָס געזיכט און די אויגן פון מיין געליבטן און וואָלט אים איינגע־רוימט די צאַרטע ווערטער פון ליבע. איך קוש ביינאַכט דיין קישן—דאָס איז אַלץ, וואָס מיר איז פאַרבליבן—און איך בענטש דעם קישן. איצט באַדאַרף איך מיך לייגן שלאָפן. רו זיך גוט אויס, מיין אוצר. איך בענטש און קוש דיך אַזוי צאַרט און גלעט פּאַוואָליע דיין טייערן שטערן.

13 יוני. ווי באַדאַרף איך דיך דאַנקען פאַר דיין טייערן בריוו. איך האָב אים באַקומען, ווען איך האָב מיך צוריקגע־קערט פון לאַזאַרעט. ס׳איז אַזאַ גרויסע שמחה צו באַקומען פון דיר אַ בריוו, מיין מלאך. איך דאַנק דיר טויזנט מאָל. אָבער מיר איז טרויעריק, וואָס דיין טייער האַרץ איז נישט אין אָרד־נונג. איך בעט דיך, לאָז זיך אויסהערן פון באָטקינען, בשעת דו וועסט זיך צוריקקערן; ער קאָן דיר געבן טראָפּנס, וועלכע דו וועסט פון צייט צו צייט איננעמען, בשעת דו וועסט שפירן אַ ווייטיק. איך פיל אַזוי שטאַרק מיט דיר־יעניקע, וואָס דאָס האַרץ איז זיי נישט אין אָרדנונג, מחמת איך לייד אַליין אַזוי־פיל יאָרן אויפן האַרץ. פאַרבאָרגן די אייגענע יסורים, אַלץ דערשטיקן אין זיך—דאס שוואַכט אַזוי אָפּ דאָס האַרץ. עס וועט

איינגעמידט—. אָס איז טיילמאָל קענטיק געווען פון דיינע אויגן. אָבער דו זאָלסט עס מיר תמיד זאָגן, ווייל סוף־כל־סוף בין איך געניט פּראַקטיש אין די יסורים פון אַ האַרץ און איך וואָלט דיר אפשר געהאָלפן. דו רייד מיט מיר וועגן דעם, זאָג זיך אָפּ אַרויס, ווײַן אפילו—פון דעם אַלעם ווערט טיילמאָל פיזיש לייכטער.

גאָט צו דאַנקען, וואָס ב.(יקאָלאַשע) האָט פאַרשטאַנען דעם ענין וועגן די רעקרוטן פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. אַנטשול־דיק מיר, אָבער מיר געפעלט נישט דער אויסוואַל פונם נייעם קריגסמיניסטער*). דו געדיינקסט, ווי דו ביזט געווען געגן אים און ביזט אודאי געדרעכט געווען און ב. אויך, שיינט מיר. ער אַרבעט אויך מיט קסעניען. צי איז ער אָבער אַזאַ מענטש, צו וועלכן מען קאָן האָבן אַ געוויסן צוטרוי, צי קאָן מען זיך פאַר־לאָזן אויף אים? ווי איך וואָלט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט דיר און אויסהערן די אַלע אַרגומענטן, צוליב וועלכע דו האָסט אים אויסגעוויילט. איך שרעק מיך פאַר די אַלע באַשטימונגען, וואָס ווערן געמאַכט דורך ניקאָלאַשען; ב.(יקאָלאַשע) איז גאָרנישט אַזוי קלוג, פאַרעקשנט און לאָזט זיך פירן פון אַנדערע—זאָל נאָר גאָט געבן, אַז איך זאָל מיך טועה זיין און אַז דערדאָזי־קער אויסוואַל זאָל געפינען חן ביי גאָט. אָבער מיר איז, ווי אַ קראַ, מער ניחא צו קראַקען וועגן דעם. אפשר איז מעגלעך, אַז דערדאָזיקער מענטש האָט זיך אַזוי געענדערט; איז ער זיך צעגאַנגען מיט גוטשקאָוון? און צי איז ער נישט אַ שונא פון אונזער פריינט?—דאָס וועט דאָך ברענגען אַן אומגליק! דו זירק אויף דעם ליבן אַלטן גאָרעמיקינען, אַז ער זאָל גרינדלעך איבעררייד מיט אים און זאָל אויף אים ווירקן מאָראַליש. אַך, זאָלן דידאָזיקע צוויי נייע מיניסטאָרן**) זיך אַרויסווייזן פאַר

*) גענעראַל פּאָליוואַנאָוו, באַשטימט געוואָרן פאַרן פאַרוואַלטער פון קריגס־מיניסטעריום.

**) פירסט שטשערבאַטאָוו און גענעראַל פּאָליוואַנאָוו.

עכטע מענטשן אויפן געהעריקן אָרט. דאָס האַרץ איז אַזוי פול מיט זאָרג און עס לעכצט אַזוי נאָך אחדות צווישן די מיני־סטאָרן און נאָך אַן ערפאָלג. מיין ליבער, זאָג זיי, אַז נאָכדעם, ווי זיי וועלן זיך צוריקקערן פון דער הויפטקוואַרטיר, זאָלן זיי בעטן אַ דערלויבעניש זיך פאָרצושטעלן פאַר מיר, איינער נאָכן אַנדערן, און איך וועל פלייסיק בעטן צו גאָט און וועל מיך אָנשטריינ־גען מיט אַלע כוחות, איך זאָל דיר קאָנען זיין באמת נוצלעך. דאָס איז שרעקלעך—נישט צו העלפן און אַרויפוואַרפן אויף דיר אַליין די גאַנצע שווערע אַרבעט.

אונזער פ ר י י נ ט האָט (דאַכט זיך) ווידעראַמאָל געמיטאָקט מיט שאַכאָווסקין*), וועלכער געפעלט אים. ער קאָן ווירקן אויף אים אין דער גוטער זייט. באַדאַכט זיך נאָר, ווי משונה: ש ט ש ע ר ב אַ ט אָ וו האָט אָנגעשריבן זייער אַ ליבנסווירדיקן בריוו צו אַ נ ד ר אָ נ י ק אָ וו**) (נאָכדעם ווי אינם שמועס מיט דיר האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט געגן אים).

פאַראַן נאָך אַ צווייטער מיניסטער, וואָס געפעלט מיר נישט אויף זיין אָרט—ש ט ש ע ג ל אָ וו י ט אָ וו (אין אַ שמועס איז ער אָנגענעם). ער לייגט גאָרנישט קיין שום אַכט אויף דיינע באַפעלן, און אַז עס קומט אַ בקשה, וואָס ווערט אויף זיין פאָרשלאָג דערלאַנגט דורך אונזער פ ר י י נ ט, באַפרידיקט ער זי נישט, און נאָך גאָר נישט לאַנג האָט ער ווידעראַמאָל צעריסן אַ בקשה פון יענע, פון דיר (וואָס דו האָסט געשיקט). ווערי אָוו־קין, זיין געהילף (אַ פריינט פון גר(יגאָריען) האָט עס מיר דערציילט, און איך האָב באַמערקט, אַז ער (שטשעגלאָווי־טאָוו) טוט זעלטן דאָס, וואָס מען בעט אים. ער איז פאַר־עקשנט, ווי טימיריאַזעוו***) און האַלט זיך נאָר ביים „אות"

---

*) מיניסטער פאַר האַנדל און אינדוסטריע.

**) באַקאַנטער אַוואַנטוריסט, איז שטאַרק פראָטעזשירט געוואָרן פונם פירשט מעשטשערסקי און ראַספּוטינען.

***) געוועזענער מיניסטער פאַר האַנדל און אינדוסטריע.

און נישט ביי דער נשמה. מען באַדאַרף זיין שטריינג, אָבער מען קאָן דאָך אויך זיין מער יושרדיק, ווי ער און בעסער צו די קליינע מענטשעלעך, ווייכער.

וואָס פאַר אַ שיין וועטער, איך ליג אויפן באַלקאָן און די פייגעלעך טשיריקען, ס'איז אַזוי פריילעך. אַ.(ניע) איז נאָך וואָס געזעסן מיט מיר. היינט אינדערפרי האָט זי געזען גר(י-באָריען). ער האָט בעסער געשלאָפן, דאָס ערשטע מאָל פאַר פינף נעכט און ער זאָגט, אַז אויפן פראָנט איז עטוואָס בעסער. ער בעט דיך זייער ערנסט, אַז דו זאָלסט תיכף באַ-פעלן, מען זאָל איינאָרדנען אין גאַנצן לאַנד אַן איינטאָגיקן קרייצצוג—מתפלל צו זיין אויף אַ נצחון. גאָט וועט גיכער דערהערן, ווען אַלע וועלן זיך ווענדן צו אים. איך בעט דיך, גיב אָפּ אַ באַפעל וועגן דעם. קלויב אויס עפּעס אַ טאָג, אָבער דאָס זאָל שנעל געמאַכט ווערן. שיק דיין באַפעל (איך מיין) טעלעגראַפיש (עפנטלעך, אַז אַלע זאָלן אים קאָנען איבערלייענען) צו סאַבלערן*) און זאָג אים, אַז דאָס איז דיין פאַרלאַנג. איצט איז דער „בעטער-פאָסט", אַזוי אַז דאָס איז נאָכמער צוגעפּאַסט צו דער צייט. עס וועט אויפהויבן דעם גייסט און ס'וועט זיין אַ טרייסט פאַר די דרייסטע, וואָס קעמפן אויפן פראָנט. מיין ליבער, דאָס אייגענע זאָג איך אויך שאַוועלסקין. איך בעט דיך, מיין ליבער, טו עס, אָבער אַזוי, אַז דער באַ-פעל זאָל קומען פון דיר און נישט פון סינאָד. היינט האָב איך אים**) נישט געקאָנט זען.

אַ(ניע), אַליע און ניני זיינען אַוועקגעפאָרן אין קראַסנאָיע, איבערצוריידן מיט גראָטענען. איצט באַדאַרף איך אַוועקשיקן דעם בריוו. מאַרי באַריאַטינסקי וועט מאָרגן מיטאָגן מיט אונז און וועט, דאַכט זיך, אַרויספאָרן מיט אָלגען קיין קיעוו. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען. מיטן האַרץ און דער נשמה

---

*) דער אָבער-פּראָקוראָר פון הייליקן סינאָד.

**) ראַספּוטין.

בין איך מיט דיר. אָנסופיקע תפילות רינגלען דיך אַרום. איך פיל מיך אומעטיק און דערשלאָגן, איך האָב פיינט צו זיין צעשיידט מיט דיר, בפרט נאָך, אַז דו האָסט אַזויפיל זאָרג.

אָבער גאָט וועט העלפן, און אויב דידאָזיקע קרייצצוגן וועלן איינגעאָרדנט ווערן, בין איך זיכער, אַז גאָט וועט דערהערן די תפילות פון אַלע דיינע טרייע אונטערטאַנען. גאָט באַשירעמט און פירט דיך, מיין ליבע.

אויב דו האָסט וואָס צו פרעגן ביי אונזער פר(יינט), טאָ שרייב באַלד אָן וועגן דעם. איך באַדעק דיך מיט די צאַרטעסטע קושן.

אויף שטענדיק דיין אַלט ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 14 יוני 1915.

מיין געליבטער ניקי.

ווי איך בין דיר דאַנקבאַר פאַר דיין טייערער טעלעגראַמע! אָרעמער, אפילו אום זונטיק אַ מיניסטאָרנראַט! מיר זיינען זיך זייער גוט דורכגעפאָרן קיין פאַוולאָווסק. צוריקוועגס איז דער קליינינקער געאָרגי אין זיין קליינינקן מאָטאָר (אַזאַ, ווי ביי אַלעקסייען) אַרויפגעשפרונגען אויף אונזער עקיפאַזש, אָבער צום גליק האָט ער זיך גישט איבערגעקערט, און זיין מאַשין איז נישט קאַליע געוואָרן. פאַוול*) פלעגט קומען טרינקען טיי און פלעגט פאַרבלייבן אַ שעה מיט דריי בערטל.

---

*) גרויספירשט פאַול אַלעקסאַנדראָוויטש.

ער איז געווען זייער ליב און האָט גערעדט ערלעך און פשוט און מעשה־פריינט, אָן דער כוונה זיך אַריינצומישן דערין, וואָס האָט צו אים נישט קיין שייכות, אָבער ער האָט זיך נאָכגע־פרעגט וועגן פאַרשידענע זאַכן. מיט זיין וויסן גיב איך דיר איבער דאָס, וואָס ער האָט דערציילט. נו, ווען מיר אָנהויבן: פ אַ ל י ע אָ ל אָ ג*) האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געמיטאָקט צו־זאַמען מיט אים, און נאָכדעם האָבן זיי געהאַט אַ לאַנגן אינטי־מען שמועס. פאַליעאָלאָג האָט זייער געשיקט געוואָלט דערגיין ביי אים, צי טראַכט מען נישט אפשר צומאָל וועגן אַ סעפּאַ־ראַטן שלום מיט דייטשלאַנד, מחמת ער האָט געהערט, אַז דאָ שמועסט מען וועגן דעם און אַז אין פראַנקרייך גייען כלומרשט קלאַנגען וועגן דעמדאָזיקן ענין און אַז זיי האָבן דאָרט בדעה צו קעמפן ביזן סאַמע סוף. פּאַוול האָט געענטפערט, אַז ער איז איבערצייגט, אַז דאָס איז נישט אמת, בפרט נאָך, אַז ביים סאַ־מע אָנהויב פון דער מלחמה האָבן מיר און אונזערע פאַרבינ־דעטע אָפּגעמאַכט צווישן איינאַנדער, אַז דער שלום קאָן נאָר זיין אַן אַלגעמיינער, אָבער בשום אופן נישט קיין סעפּאַראַטער. דעמאָלט האָב איך געזאָגט פּאַוולען, אַז אויך צו דיר זיינען דערגאַנגען אַזוינע קלאַנגען וועגן פראַנקרייך, און ער האָט זיך איבערגעצלמט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז דו זעסט אפילו נישט אין חלום קיין זכר פון שלום, און דו ווייסט, אַז דאָ וואָלט עס באַטייט אַ רעוואָלוציע און אַז דעריבער סטאַרען זיך די דייטשן פאַנאַנדערצובלאָזן דידאָזיקע קלאַנגען. ער זאָגט, אַז ער האָט אפילו נעהערט פון ווילד־מגושמדיקע דייטשע באַדינגונגען, וואָס זיינען אונז פאָרגעלייגט געוואָרן. איך האָב אים געוואָרנט, אַז באַלד דערויף וועט ער מסתמא אויך הערן, אַז איך וויל שליסן שלום.

נאָכדעם האָט ער מיך געפרעגט, צי איז דאָס אמת, אַז שטשעגלאָוויטאָוו ווערט באַפרייט און אַז דערדאָזיקער עקלדיקער

*) דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג.

מאַנוכין*) ווערט באַשטימט אויף זיין אָרט. האָב איך געזאָגט אז מיר איז דאָס נישט באַקאַנט, און איך ווייס נישט, וואו איז דער אמת, ווי איך ווייס אויך נישט, למאי האָט שטשעגלאָוויטאָוו אויסגעקליבן דעמדאָזיקן מאָמענט איצט, כדי צו פאָרן אין סאָ-לאָוועצקן מאָנאַסטיר. נאָכדעם האָט ער דערמאָנט נאָך וועגן איין זאַך, וואָס איז אפילו זייער נישט קיין אָנגענעמע, אָבער ס'איז דאָך גלייכער דו זאָלסט פריער אינפאָרמירט ווערן וועגן איר—נעמלעך, שוין זעקס חדשים ווי מען שמועסט וועגן אַ שפּיאָן, וואָס געפינט זיך אין דער הויפטקוואַרטיר, און אַז איך האָב געפרעגט, ווי הייסט ער, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דער גענעראַל דאַנילאָוו**) (דער שוואַרצער) און אַז פון אַ סך זייטן האָט מען אים געזאָגט, אַז עס „פילט זיך" עפּעס (נישט אין אָרדנונג) און אַז מען רעדט דערפון אויך אין דער אַרמיי. נשמהלע מיינס, וואָייקאָוו איז כיטרע און קלוג, רייד איבער מיט אים וועגן דעם און זאָל ער כיטרע און גע-שיקט נאָכשפּירן די מעשים פון דעמדאָזיקן מאַן. פאַרוואָס זאָל מען אים נישט נאָכשפּירן? פּאַוול זאָגט, אַז איצט געוועלטיקט, נאַטירלעך, די שפּיאָנאָמאַניע, אָבער אַזוי ווי אין אויסלאַנד ווייס מען באַלד פאַרשיידענע זאַכן, וואָס קאָנען זיין באַקאַנט נאָר די-יעניקע, וועלכע שטייען נאָענט צו דער הויפטקוואַרטיר, איז דעריבער דערוועקט געוואָרן אַ שטאַרקער חשד, און פּאַוול האַלט, אַז ער האָט מיך באַדאַרפט פרעגן, צי האָסטו נישט דערמאָנט אַמאָל וועגן דעם אין אַ שמועס מיט מיר. איך האָב געזאָגט, אַז ניין. אָבער רייד זיך נישט אויס וועגן דעם פאַר ניקאָלאַ-שען ביז דו וועסט נישט מאַכן אַן אויספאָרשונג, ווייל ער קאָן אַלץ קאַליע מאַכן מיט זיין צעהיצטקייט און קאָן עס אפילו

---

*) ס.ס. מאַנוכין, געוועזענער יוסטיצמיניסטער אין ווישעס קאַבינעט.

**) גענעראַל דאַנילאָוו, האָט דעמאָלט פאַרנומען אַ פּראָמינענטן פּאָסטן אין דער הויפּטקוואַרטיר; אין יאָר 1917 איז ער געווען קוואַרטירמייסטער. די קלאַג־ן העכן זיין [illegible] האָבן לחלוטין נישט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט.

זאָגן (דאַניקאָוון) אין די אויגן אָדער ער וועט גאָרנישט גלויבן דערין. אָבער איך מיין, אַז הגם דערדאָזיקער מאַן איז אַ סימ-פּאַטישער און אַן ערלעכער, דאָך באַדאַרף מען גוט אָכטונג געבן אויף אים. כל-זמן דו ביזט דאָרט, קאָנען די „געלע"*) און אַנדערע געברויכן די אויגן און די אויערן און נאָכשפּירן זיינע טעלעגראַמעס, מיט וועמען, אַ שטייגער, ער זעט זיך און ד. גל. מען פאַרזיכערט, אַז ער באַקומט עפּעס גרויסע סו-מעס. איך זאָג דיר עס סתם אַזוי—איך ווייס אפילו נישט, צי עס איז דאָ עפּעס אַ גרונט דערצו אָדער נישט, אָבער עס איז דאָך גלייכער דיך צו וואָרענען וועגן דעם. אַ סך האָבן פיינט די הויפּטקוואַרטיר און זיי שפּירן זיך דאָרט נישט אָנגענעם, וואָרום ביי אונז זיינען שוין, ליידער, געווען שפּיאָנעס, ווי עס זיינען געווען ערלעכע מענטשן, וואָס ניקאָלאַשע האָט זיי באַ-שולדיקט אין שפּיאָנעריי. איצט קאָנסטו עס אַליין אויספאָרשן, איך בעט דיך. פּאַוול זאָגט, אַז שטשערבאַטאָוו באַשטימונג איז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס התלהבות. ער קען אים נישט. אַנטשולדיק מיר, וואָס איך שטיי אַזוי צו צו דיר. מיין אָרעם נשמהלע, עס ווילט זיך אַזוי העלפן, און אפשר קאָן איך טאַקע זיין נוצלעך, איבערגעבנדיק דיר אַזוינע ידיעות.

מאַרי וואַסילטשיקאָוו וואוינט אין גרינעם הויז אין ראָג, און פון איר פענסטער שפּירט זי אונז נאָך, ווי אַ קאַץ, און נאָך די אַלע מענטשן וואָס גייען אַריין און אַרויס פון אונזער הויז, און זי מאַכט אירע באַמערקונגען. זי האָט איזען ממש אַרויסגעבראַכט פון די כלים מיט אירע פראַגן, פאַרוואָס זיינען די קינדער איינמאָל אַרויס פון טויער צופוס און אויף מאָרגן— אויף וועלאָסיפּעדן; פאַרוואָס איז איינער פון די אָפיצירן געקו-מען אינדערפרי מיט אַ פּאָרטפעל אין אַזאַ און אַזאַ מונדיר און אין אָוונט האָט ער אָנגעטאָן אַן אַנדער אוניפאָרם; זי האָט גע-זאָגט דער גרעפין פרעד(עריקס), אַז זי האָט געזען, ווי צו

---

*) זשאַנדאַרמען.

אונז איז אַריינגעפּאָרן גר(יגאָרי) (אַן עקלדיקע זאַך!). כּדי צו באַשטראָפן זי, זיינען מיר היינט אין אָוונט אַוועק צו אַניען מיט אַ קרייזוועג, אַזוי, אַז זי האָט נישט געזען, ווי מיר זיינען אַרויסגעפאָרן. ער איז געווען מיט אונז פון ניין ביז האַלב צוועלף ביי אַניען אין הויז. איך שיק דיר אַ שטעקן (אַ פּיש, וואָס האַלט אַ פייגל), וואָס מען האָט אים געשיקט פאַר דיר פונם נייעם אַפּאָן. תחילת האָט ער זיך באַנוצט מיטן שטעקן און איצט שיקט ער אים דיר, ווי אַ ברכה. ווען דו וואָלסט זיך געקאָנט באַנוצן מיט אים פון צייט צו צייט; עס וואָלט זייער גוט געווען, ווען דו וואָלסט אים האַלטן אין דיין אָפּטיי-לונג נעבן יענעם שטעקן, צו וועלכן ס'האָט זיך צוגערירט Mr. Ph.*). דאָס איז אויך גוט. ער האָט אַ סך און וואונדער-לעך-גוט גערעדט וועגן דעם, וואָס איז אַ רוסישער אימפּעראַ-טאָר, און הגם אַנדערע מושלים ווערן אויך געזאַלבט און גע-קרוינט, דאָך אָבער איז בלויז דער רוסישער אימפּעראַטאָר דער אמתער געזאַלבט(ער) שוין 300 יאָר. ער זאָגט, אַז דו וועסט מציל זיין דיין ממשלה, ווען דו וועסט נישט רופן צום דינסט די רעקרוטן פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. מען זאָגט, אַז שאַ-כאָווסקאָי איז אַריינגעפאַלן אין גרויס התלהבות, וואָס דו האָסט דער ערשטער אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דעם—אַזוי האָבן די מיניסטאָרן געגעבן זייער הסכּמה, און ווען דו וואָלסט דער ערשטער נישט אָנגעהויבן, וואָלט זיי גאָרנישט איינגעפאַלן זיך אַרויסצוזאָגן וועגן דעם.

ער האַלט, אַז דו האָסט באַדאַרפט באַפעלן די פאַבריקן אויסצואַרבעטן קוילן—דו זאָלסט פּשוט באַפעלן, אפילו אויס-קלויבן אַ פאַבריק, אויב מען וועט דיר ווייזן אַ רשימה פון פאַבריקן, אָנשטאָט צו באַפעלן דורך די קאָמיסיעס, וואָס ריידן וואָכנלאַנג און קאָנען זיך קיינמאָל נישט באַשליסן.

זיי מער אויטאָקראַט, נשמהלע מיינס, ווייז זיך אַרויס!

---

*) זע אויבן.

די לאָטעריי-אויסשטעלונג האָט זיך היינט אָנגעהויבן אין גרויסן פּאַלאַץ אויף דער טעראַסע. זי איז זייער גרויס (איך בין דאָרט נאָך נישט געווען), און אונזערע אויסאַרבעטונגען זענען שוין אויספאַרקויפט געוואָרן. אמת, מיר האָבן געמאַכט נישט קיין סך, אָבער מיר וועלן ווייטער אַרבעטן און וועלן שיקן אַהין אונזערע זאַכן. זיי האָבן שוין פאַרקויפט העכער 2100 איינגאַנגס-בילעטן צו צען קאָפּ. סאָלדאַטן (פאַרוואונדעטע) צאָלן נישט, מחמת זיי מוזן דאָרט זיין און זען, וואָסער אַרבעט זיי געפעלט און וואָסער אַרבעט זיי וואָלטן געקאָנט אויספירן.

איך האָב געגעבן עטלעכע וואַזעס אונזערע און צוויי שאָלעכלעך, מחמת זיי ציען שטענדיק צו אַן עולם מענטשן.

זאָג דעם אַלטן, אַז איך האָב נעכטן אין אָוונט געזען צום גליק, שמעקט דאָרט נישט מיט ציגאַרן).

איצט באַדאַרף איך אַנטשלאָפן ווערן און איך וועל ענ- זיקן מאָרגן.

ס'איז אַזוי קיל, מיר האָבן געמיטאָקט אין דרויסן, און עס איז בלויז געווען ניין גראַד. בעבי קוויקט זיך מיט פּע- טערהאָף און נאָכדעם מיט די שפּילערייען מיט אָפּיצירן.

דמיטרין איז בעסער. ער האָפּט אַרויסצופּאָרן דאָנער- שטיק—אפילו אויף קוליעס. ער איז שטאַרק פאַרצווייפלט, וואָס ער איז געבליבן פון הינטן.

דער לעצטער דאָלגאָרוקי, אַלעקסיי איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן. שלאָף רואיק און רו זיך גוט אויס, מיין אוצר, איך בענטש און קוש דיין קישן, ווייל, ליידער, האָב איך דיך נישט, איך זאָל דיך קאָנען א גלעט טאָן און זיך צוטוליען צו דיר. זיי געזונט, מיין מלאך.

דיין אַלט ווייבעלע.

צי האָסטו געדולט צו לייענען אַזוינע לאַנגע בריוו?

*) דאָס ווייב און די צוויי טעכטער פון גראַף פרעדעריקס.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 16 יוני 1915.

## מיין געליבטער.

בלויז עטלעכע ווערטער אויף בייגאַכט. דיין זיסן שמעקעדיקן יאַשמין האָב איך אַריינגעלייגט אין עוואַנגעליום—ער דערמאָנט מיר פּעטערהאָף. עס איז נישט ענלעך צו זומער, ווען דו וואוינסט דאָרט נישט. מיר האָבן היינט געמיטאָקט אויף דער פרייער לופט, אָבער מיר האָבן זיך אומגעקערט אין צימער נאָך ניין, ווייל עס איז געווען פייכט. בייטאָג בין איך פאַרבליבן אויפן באַלקאָן. אין אָוונט האָב איך געוואָלט גיין אין קלויסטער, אָבער איך האָב מיך געפילט צופיל איינגעמאַטערט. אויפן האַרץ דריקט אַזאַ משא און אַזאַ אומעט. שטענדיק קומט מיר אויפן רעיון דאָס, וואָס אונזער פ ר י י נ ט זאָגט, אָבער עפּטער לייגן מיר נישט קיין שום אַכט אויף זיינע ווערטער.

ער איז געווען אַזוי געגן דיין נסיעה אין דער הויפּט-קוואַרטיר, ווייל מען גענאַרט דיך דאָרט און מען צווינגט דיך צו טאָן אַזוינע זאַכן, וואָס עס וואָלט גלייכער געווען זיי נישט צו טאָן. דאָ אָבער אין דיין הויז איז די אַטמאָספערע אַ געזינטערע און דו וואָלסט אַלץ בעסער געזען—ווען דו וואָלסט נאָר געקאָנט זיך אומקערן שנעלער. איך רייד עס נישט פון אַן עגאָאיסטישן געפיל, נאָר דערפאַר, ווייל איך שפיר, אַז דאָ בין איך זיכערער בנוגע צו דיר, אָבער דאָרט שרעק איך מיך שטענדיק, צי האָט מען עפּעס נישט פאַרטראַכט קעגן דיר. ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט קיין שום צוטרוי צו נ(יקאָלאַשען)—איך ווייס, אַז ער איז גאָרנישט אַזוי קלוג, און דערפאַר.

ווייל ער גייט קעגן אַ מענטשן, וואָס איז געשיקט פון גאָט, קאָנען זיינע מעשים נישט אויסנעמען ביי גאָט און זיין מיינונג קאָן נישט זיין קיין ריכטיקע. בשעת גר(יגאָרי) האָט געכטן פאַרן אַוועקפאָרן געהערט אין שטאָט, אַז סאַמאַרין איז באַשטימט געוואָרן, האָבן שוין אַלע געוואוסט דערפון; אונזער פריינט איז אַריינגעפאַלן אין גרויס יאוש, מחמת דעם לעצטן אָוונט, וואָס ער האָט דאָ פאַרבראַכט, האָט ער דיך געבעטן מיט תחנונים, מען זאָל סאַבלערן נישט טוישן איצט, און ער האָט געזאָגט, אַז אינגיכן, קאָן זיין, וועט זיך אָפּגעפינען אַן עכטער מענטש, און נישט די מאָסקווער באַנדע, וואָס פאַרפלאָנטערט דיך, ווי מיט אַ שפּינוועבס. די שונאים פון אונזער פריינט— זיינען אונזערע אייגענע שונאים, און שטשערבאַטאָוו, בין איך זיכער, וועט זיין מיט אים איין האַנט. זיי מיר מוחל, וואָס איך שרייב דיר דאָס אַלץ, אָבער איך בין אַזוי אומגליקלעך פון יע- נער צייט אָן, זינט איך האָב דערהערט וועגן דעם (וועגן דער באַשטימונג), און איך קאָן מיך נישט באַרואיקן. איצט זע איך ערשט, פאַרוואָס גר(יגאָרי) האָט נישט געוואָלט, דו זאָלסט פאָרן אַהין. דאָ וואָלט איך דיר געקאָנט העלפן. פאַר מיין ווירקונג שרעקט מען זיך, גריגאָרי האָט אַזוי געזאָגט (נישט מיר) און גרוי וואָייקאָוו אויך דאָס אייגענע, מחמת זיי ווייסן, אַז איך האָב אַ האַרטן ווילן און אַז איך זע זיי דורך און דורך בעסער פון אַנדערע און וועל דיר אויך העלפן זיין פעסט. איך וואָלט אַלץ אויסגעפּרובט, איך זאָל דיך קאָנען איבערצייגן פאַרקערט, ווען דו וואָלסט דאָ געווען, און איך רעכן, אַז גאָט וואָלט מיר געהאָלפן דערין און דו וואָלסט זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון אונזער פריינט. ווען ער זאָגט, אַ שטייגער, אַז מען טאָר דאָס און דאָס נישט טאָן און מען הערט אים נישט, זעט מען שפּעטער תמיד איין די אייגענע פעלערן. אויב ער (סאַמאַרין) וועט אָננעמען (די באַשטימונג), וועט שוין ניקאָלאַשע זיך באַ- מיען אים אָפּצונאַרן און וועם אים אויפהעצן קעגן אונזער פריינט. דאָס איז זיין טאַקטיק! איך בעט דיך, באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש (מיט סאַמאַרינען), ווי דו וועסט אים נאָך

זען, זאָלסטו מיט אים ריידן בעסער. טו עס, מיין טייערער, אין נאָמען פון רוסלאַנד; אין רוסלאַנד וועט נישט זיין קיין מזל-ברכה, ווען איר מושל וועט דערלאָזן, אַז דער מענטש, וואָס איז געשיקט פון גאָט אונז צו העלפן, זאָל גערודפט ווערן.

זאָג אים הארב, מיט אַ פעסטן קאַטעגאָרישן טאָן, אַז דו פאַרבאָטסט זי אַלע אינטריגעס קעגן אונזער פריינט און די אַלע געשפרעכן וועגן אים און אפילו די קלענסטע פאַרפאָלגונג, אַנישט, וועסטו אים (סאַמאַרינען) נישט האַלטן. זאָג אים, אַז אַן אמתער דינער טאָר זיך נישט דערוועגן צו גיין קעגן אַ מענטשן, וואָס איז זייער חשוב און שטאַרק געאַכפערט ביי זיין מלך. פרוי ס. טיוטשעוו, זיין קינדהייטס-פריינט, פאַרשפרייט ליגנס וועגן די מיידעלעך*). דו חזר עס אים איבער און זאָג אים, אַז איר גיפטיקער ליגן האָט שוין פאַרשאַפט אַ סך שלעכטס און אַז דו וועסט נישט דערלויבן, זי זאָל פאַרשפרייטן ווייטער אירע ליגנס. ווען דו וואָלסט נאָר געוואוסט, וואָסערע טרערן איך האָב היינט פאַרגאָסן, וואָלסטו פאַרשטאַנען די געוואַלדיקע באַדייטונג פון דעם אַלעם. דאָס איז נישט קיין ווייבערשע נאַריש-קייט, נאָר אַ רייגער עכטער אמת. איך פאַרגעטער דיך צו טיף, כדי דיך איינצומידן מיט אַזאַ בריוו, ווי דער איז נאָך אין אַזאַ צייט, ווען די נשמה און האַרץ וואָלטן אים נישט דיקטירט. מיר, פרויען, האָבן טיילמאָל דעם אינסטינקט פון דעם, וואָס איז ריכטיק, טייערער, און דו ווייסט, ווי איך האָב ליב דיין לאַנד, וואָס איז געוואָרן מיינס. דו ווייסט דאָך, וואָס פאַר מיר איז די דאָזיקע מלחמה אין אַלע הינזיכטן, און אויב דער צדיק, וואָס הערט נישט אויף צו בעטן גאָט פאַר דיר, קאָן גערודפט ווערן און מיר באַשיצן אים נישט, וועט גאָט נישט מוחל זיין אונזער שוואַכקייט און אונזער זינד. דו ווייסט דאָך, ווי גרויס נ. (ניקאָלאַשעס) פיינטשאַפט איז צו גר(יגאָריען). רייר כאָטש איין מאָל איבער מיט וואָייקאָוון, נשמהלע מיינס, ער פאַרשטייט

*) דעם קיסרס טעכטער.

דידאָזיקע זאַכן און ער איז דיר באמת טריי.

ס. (סאַמאַרין) איז אַ מענטש, וואָס גלויבט שטאַרק אין זיך. דערין האָב איך מיך געקאָנט איבערצייגן, בשעת מיר איז אויסגעקומען צו שמועסן מיט אים וועגן דער עוואַקואַציע-פראַגע. סיי אויף ראָסטאָוו(צעוון) און סיי אויף מיר האָט געמאַכט אַן אומאָנגענעמער רושם זיין גלויבן אין זיך—זיין בלינד פאַרגעטערן מאָסקווע און די פּאַראַכטונג צו פּעטערבורג. דער טאָן, מיט וועלכן ער האָט גערעדט, האָט זייער אויפגערעגט ראָסטאָוו (צעוון). איך האָב אים דערזען אין אַן אַנדער שיין און האָב פאַרשטאַנען, ווי נישט אָנגענעם עס וואָלט געווען צו האָבן מיט אים אַן עסק. ווען מען האָט אים פריער · פאָרגעלייגט פאַר אַלעקסייען*) האָב איך אָן שום קווינקלעניש געזאָגט—ניין, פאַר קיין אופן וויל איך נישט אַזאַ מענטשן מיט אַזאַ שמאָלער וועלטאָנשויאונג. אונזער צערקווע בויטיקט זיך פונקט פאַרקערט—אין נשמה און נישט אין מוח.

דער אַלמעכטיקער גאָט זאָל אונז העלפן און זאָל באַרעגן אַלץ אין אָרדנונג און דערהערן זאָל ער אונזערע תפילות און געבן זאָל ער דיר, צולעצט, מער גלויבן אין דיין אייגענער קלוגשאַפט, אַז דו זאָלסט זיך נישט צוהערן צו די אַנדערע, נאָר צו אונזער פריינט און צו אונזער נשמה. זיי מיר נאָכאַמאָל מוחל פאַר דעמדאָזיקן בריוו, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט אַ פיינלעכן האַרץ און פאַרווייניטע אויגן. קיין נישט וויכטיקע זאַכן זיינען איצט נישטאָ—אַלץ איז וויכטיק. איך שעץ און איך ליב דעם אַלטן גאָרעמיקינען; ווען איך וואָלט אים געזען, ווייס איך, ווי איך וואָלט גערעדט מיט אים. ער איז אַזוי אָפנהאַרציק מיט אונזער פריינט, אָבער ער פאַרשטייט נישט, אַז ס. (סאַמאַרין) איז דיין שונא, קוים נעמט ער זיך אונטער צו ריידן קעגן גר(יגאָריען).

איך בין זיכער, אַז דיין אָרעם ליב האַרץ ליידט נאָך

*) מען האָט אים פאָרגעלייגט צו ווערן דער מדריך פונם טראָנירש.

גרעסערע יסורים, אַז עס איז פאַרגרעסערט און נויטיקט זיך
אין טראָפּנס. מיין ליבער, שפּאַציר וויניקער—איך האָב איבער-
געמאַטערט דאָס האַרץ מיטן גיין צופוס בשעתן יאַגד, און אין
פינלאַנד און פריער, איידער איך האָב מיך געווענדט צו דאָק-
טוירים, האָב איך איבערגעלעבט שרעקלעכע יסורים, איך פלעג
מיך שטיקן און ליידן פון האַרצקלאַפּעניש. דו גיב אַכטונג אויף
דיין געזונט, אַגוניושקע. איך האָב פיינט צו זיין אין צעשיי-
דונג מיט דיר. דאָס איז מיין גרעסטע שטראָף, באַזונדערס אין
אַזאַ צייט. אונזער ערשטער פ ר יי נ ט*) האָט מיר געגעבן דאָס-
דאָזיקע הייליקע בילד מיטן גלעקעלע, כדי צו וואָרענען מיך
פאַר די-יעניקע, וואָס זיינען נישט רעכטפאָרכטיק און נישט צו
דערלאָזן זיי זיך גענענען צו מיר. איך וועל עס פילן און וועל
דיך אַזויאַרום באַשיצן פאַר זיי. אפילו די פאַמיליע**) פאַרשטייט
עס, און דעריבער זוכן זיי זיך אַריינצוקריגן צו דיר, בשעת
דו ביזט אַליין און בשעת זיי ווייסן, אַז זיי ווילן (פועלן) אַ
נישט גערעכטע זאַך און אַז איך באַרעכטיק עס נישט. גאָט
פאַרלאַנגט, אַז דיין אָרעם ווייבעלע זאָל דיר העלפן. גר(יגאָרי)
טענהט עס שטענדיק און Mr. Ph. האָט עס אויך געזאָגט; ער
האָט געזאָגט, אַז איך זאָל דיר פריער מתרה זיין, אויב איך
וועל נאָר וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. נו, איצט קאָן איך
נאָר תפילה טאָן און ליידן, בעטן צו גאָט, ער זאָל דיך באַ-
שירמען און פירן. איך דריק דיך פעסט צו מיין האַרץ, גלעט
צאַרט דיין שטערן, דריק צו די ליפּן צו דיינע אויגן און
ליפּן און קוש מיט ליבע דידאָזיקע טייערע הענט, וואָס מען
רייסט זיי אָפּ פון מיר תמיד. איך ליב דיך, איך ליב דיך און
ווינטש דיר גוטס און גליק און דעם חסד פון גאָט. שלאָף גוט
און רואיק, איך מוז מיר אויך באַמיִען איינצושלאָפן. שויז כמעט
איינס אַ זייגער.

---

*) Mr. Ph.

**) די קײזערליכע פאמיליע.

מיין צוג האָט געבראַכט אַ סך פאַרוואונדעטע. בעבֿיס צוג האָט געבראַכט אַ סך פון וואַרשע, וואו זיי עוואַקואירן די לאַזאַרעטן. אָ, גאָט מיינער, העלף:

נשמהלע, געדיינק, דער „קרייצצוג" באַדאַרף זיין באַצייטנס. איצט, בשעתן פּאָסט איז עס דער גינסטיקסטער מאָמענט און (דער באַפעל) דורכאויס פון דיר און נישט פון דעם נייעם אָבער-פּראָקוראָר פון סינאָד. אין דעמדאָזיקן פּאָסט פאַרהאָף איך צו פאַסטן, אויב ב.*) וועט מיר נישט שטערן. לייענענדיק דעמדאָזיקן בריוו, וועסטו אודאי זאָגן: קענטיק, עלאַס אַ שוועסטער. אָבער איך קאָן דאָך אַלץ נישט זאָגן אין דריי ווערטער: איך באַדאַרף האָבן אַ באַרג מיט צייטלעך, איך זאָל קאָנען אויסגיסן אַלץ, און דאָס אָרעמע זונעלע מוז לייענען די-דאָזיקע לאַנגע נאַרישקייט. אָבער דאָס נשמהלע קען און ליבט זיין אַלט ווייבעלע.

דעם 17-טן יוני. גוט מאָרגן, מיין קליינינקער. איך האָב שלעכט געשלאָפן, און דאָס האַרץ איז פאַרגרעסערט אַזוי, אַז היינט אינדערפרי ליג איך אין בעט אויפן באַלקאָן. לײדער, וועל איך שוין נישט גיין אין לאַזאַרעט, דער קאָפּ ברענט ווי-דעראַמאָל שטאַרק. עס קלינגען די קלויסטערגלאָקן. איך וועל ענדיקן נאָכן פרישטיק. די גרויסע מיידעלעך זיינען אַוועק אין שטאָט. אַלגע באַקומט געלט, און נאָכדעם וועלן זיי פאָרן אין לאַזאַרעט און וועלן טרינקען טיי אויפן יעלאַגין.

עס איז זייער הייס און די לופט איז שווער, אָבער אויפן באַלקאָן איז זייער אַ שטאַרקער ווינט, אין דער לופט איז אודאי אַ געוויטער, און דעריבער איז שווער צו אָטעמען. איך האָב אַרויסגעטראָגן די רויזן, די מאַי-גלעקלעך און דעם שמעקענדיקן אַרבעס, איך זאָל מיך קאָנען קוויקן מיט זייער אַראָמאַט. יעדן טאָג האַפּט איך פאַר אונזער לאָטעריי-אויסשטעלונג. אַך, מיין יינגל, מיין יינגל, ווי איך וואָלט געוואָלט, מיר זאָלן זיין צו-

---

*) באַדאַס בעקער, אַן אָפּגערעדטער וואָרטצייכן.

זאַמען. צייטנווייז ווערסטו אַזוי מיד, אַזוי אָפּגעשוואַכט פון ווייטאָג און זאָרג. שוין עלף חדשים כמעט—אָבער דעמאָלט איז בלויז געווען אַ קריג, און איצט האָבן מיר אינערלעכע פראַגן, וואָס פאַרשלינגען אינגאַנצן, און די מפּלות אויפן פראָנט—אָבער גאָט וועט העלפן. ווען אַלץ זעט אויס אַזוי טריב, גלויב איך, אַז בעסערע זוניקע טעג וועלן אָנקומען. אַבי נאָר די מיניסטאָרן זאָלן ערנסט אַרבעטן צוזאַמען, דערפילנדיק דיינע באַגערן און פאַרלאַנגען און נישט זייערע אייגענע—(זאָל זיין) אַ האַרמאָניע אונטער דיין אָנפירונג. דו טראַכט מער פון גר.*), נשמהלע, פאַר יעדער שווערער מינוט בעט אים, ער זאָל זיין אַ גוטער בעטער ביי גאָט פאַר דיר און גאָט זאָל ריכטן דיינע טריט.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך דיר געשריבן וועגן דעם שמועס מיט פּאָוולען. היינט האָט מיר גרעפין ג.**) צוגעשיקט פּאַליעאָלאָגס ענטפער: „די איינדרוקן, וואָס דער גרויספירשט האָט באַקומען פון זיין שמועס און וואָס איר טיילט זיי מיר געפעליקסט מיט אין זיין נאָמען, האָבן מיך טיף גערירט. זיי באַשטעטיקן מיט דעם גאַנצן אויטאָריטעט דאָס, אין וואָס איך בין געווען מאָראַליש זיכער, אין וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געצווייפלט און אין וואָס איך האָב שטענדיק ערוב געווען מיין רעגירונג. איינעם אַ פּעסימיסט, וואָס האָט נישט לאַנג געוואָלט אונטערברעכן מיין גלויבן, האָב איך געענטפערט: מיין איבערצייגונג איז באַזונדערס פעסט דערמיט, ווייל זי שטיצט זיך נישט אויף קיין שום הבטחה און קיין שום פליכטן. אין די זעלטענע פאַלן, בשעת אין מיין אָנוועזנהייט זיינען באַטראַכט געוואָרן דידאָזיקע ערנסטע פראַגן, האָט מען מיר גאָרנישט פאַרשפּראָכן און קיין שום פאַרפליכטונגען נישט גענומען אויף זיך, וואָרום יעדע פּאָזיטיווע פאַרזיכערונג וואָלט איבעריק געווען, ווייל (מיינע מיטשמועסער) האָבן געפילט, אַז איך פאַרשטיי

*) ראַספּוטין.

**) האָהענפעלזען.

זיי אויך אַזוי, ווי זיי, דערוועג איך מיך צו האָפן, האָבן מיך פאַרשטאַנען. אין מאַנכע פייערלעכע מאָמענטן טרעפט מען אַמאָל אַזאַ אויפריכטיקן טאָן, אַזאַ אָפנהאַרציקע מיינונג, וואָס ווייזן אַרויס געוויסן און וואָס זיינען ווערט די אַלע שבועות. דאָך גיב איך צו זייער אַ הויכן ווערט דער דירעקטער באַשטעטיקונג פונם גרויספירשט. מיין פערזענלעכע איבערצייגונג האָט זיך דערין נישט גענויטיקט. אויב אָבער איך וועל נאָך אָנבאַגעגענען סקעפּטיקער, וועל איך זיי פון היינט אָן זאָגן: נישט נאָר איך גלויב—איך ווייס.״ דאָס האָט אַ שייכות צו דער פראַגע וועגן די אונטערהאַנדלונגען מכוח אַ סעפּאַראַטן שלום. צי האָסטו גע-רעדט מיט וואָייקאָוון וועגן דאַנילאָוון—טו עס, איך בעט דיך, אָבער נישט מיטן גראָבן אָרלאָוון, וואָס איז אַ גרעסערער פריינט ב. (ניקאָלאַשען)—זיי שרייבן זיך דורך אַלעמאָל, ווען דו ביזט דאָ. וו. (וואָייקאָוו) ווייסט עס. ער איז אודאי נישט צופרידן דערמיט, וואָס גר(יגאָרי) באַזוכט אונזער הויז. און דעריבער וויל ער דיך דערווייטערן פון אים, אָוועקפירן אין דער הויפּט-קוואַרטיר ווען זיי וואָלטן עס געוואוסט, דידאָזיקע בלינדע מיט זייער האַס צו גר(יגאָריען), ווי ווייט זיי שאָדן, אָנשטאָט דיר צו העלפן. געדיינקסטו, אינעם בוך „Les amis de Dieu“ ווערט געזאָגט, אַז אַ מלוכה קאָן נישט אומקומען, ווען איר מושל ווערט געפירט פון אַ געטלעכן מאַן. אָ, לאָז זיך נאָר מער פירן פון אים.

דמיטרי פילט זיך בעסער, הגם דער פוס טוט נאָך אַלץ וויי. די אָרעמע קליינינטשקע קאַזבעק, האָט מען מיר געזאָגט, ליידט נישט שטאַרק פון איר צעבראָכענער האַנט, אָבער איך מיין, אַז זי איז אַ ביסל דערשלאָגן און דעריבער האָט מען איר נישט געזאָגט, אַז דער מאַן איז געשטאָרבן. ווי זיי זיינען עס געווען פול לעבן, בשעת נ. פ. איז געווען אויף זייער חתונה. ווי דו זעסט, האָט מיין בריוו זיך צעוואַקסן אין אַ גאַנצן באַנד און דיר וועט זיין לאַנגווייליק צו לייענען אים— וועל איך אים בעסער ענדיקן. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַ-שירמען און פאַרהיטן פון אַלדאָס בייז און כוח און מוט און

טרייסט זאָל ער דיר געבן אין אַלע שווערע מינוטן. אין גע-דאַנק לעב איך מיט דיר, מיין ליבע, מיין איינציקער, מיין אַלץ. איך באַדעק דיך מיט קושן און פאַרבלייב אויף שטענדיק דיין צאַרט און טיף-ליבנדיק אַלט

„זונעלע"

אַלע קינדער קושן דיך. אַ גרוס פאַרן אַלטן און נ. פ.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 17 יוני 1915

נשמהלע מיינס.

איך האָב נאָר-וואָס געענדיקט מיין בריוו, בשעת מען האָט מיר געבראַכט דיין טייערן בריוו. איך דאַנק דיר צאַרט פאַר אים. דו ווייסט נישט, וויפיל פרייד עס גיבן מיר דיינע בריוו, וואָרום איך ווייס, אַז דו האָסט ווייניק צייט צו שרייבן און אַז דו ביזט מיד. דאָס ווייבעלע דיינס האָט דיר באַדאַרפט שיקן פריילעכע און גוטע בריוו, אָבער דאָס איז שווער, מחמת איך פיל מיך מער ווי דערשלאָגן און באַטריבט אין די דאָזיקע טעג. עס רעגן מיך אויף אַזויפיל זאַכן! די דומע, אַ שטייגער, וועט זיך פאַרזאַמלען אין אויגוסט. און אונזער פריינט האָט דיך עטלעכע מאָל געבעטן, אַז זי זאָל צונויפגערופן ווערן וואָס שפּעטער, און נישט איצט, ווייל אַלע דעפּוטאַטן באַדאַרפן אַר-בעטן אויף זייערע ערטער, אָדער זיי וועלן זיך אַריינמישן און ריידן וועגן זאַכן, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט צו זיי. זאָלסט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז דו ביזט און בלייבסט אַן אַליינהערשערישער אימפּעראַטאָר. מיר זיינען נישט

צוגעגרייט צו אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מלוכה-פירונג. דאָס איז נ (ניקאָלאַשע) און וויטע שולדיק, וואָס עס עקזיסטירט בכלל אַ דומע, וואָס האָט דיר פאַרשאַפט מער זאָרג, ווי פרייד. אַך, עס געפעלט מיר גאָרנישט, וואָס ניקאָלאַשע באַטייליקט זיך אין די אַלע גרויסע זיצונגען, וואו עס ווערן באַהאַנדלט די אינערלעכע פראַגן. ער פאַרשטייט אַזוי ווייניק אונזער לאַנד, נאָר ער אימ-פּאָנירט די מיניסטאָרן מיט זיין הויכער שטימע און זשעסטן. צייטנווייז פאַל איך אַריין אין אַ ווילדן גרימצאָרן צוליב זיין פאַלשער לאַגע. פאַרוואָס האָבן די מיניסטאָרן געגעבן ענ-דערן*), דאָס איז דאָך געווען זייער ערשטער חוב**). ער (ני-קאָלאַשע) האָט קיין שום רעכט נישט זיך אַריינצומישן אין פרעמדע ענינים; מען דאַרף אייגנטלעך אויסבעסערן דיין פעלער און ניקאָלאַשען איבערגעבן בלויז מיליטערישע פראַגן, ווי מען האָט עס געטאָן מיט פרענטשן און זשאָפרען. קיינער ווייס נישט מער, ווער איז איצט דער אימפּעראַטאָר. דו מוזט לויפן אין דער הויפּטקוואַרטיר און צונויפזאַמלען דאָרט דיינע מיניסטאָרן, פונקט ווי דו אַליין וואָלסט זיי נישט געקאָנט דאָ פאַרזאַמלען, ווי דעם פאַרגאַנגענעם מיטוואָך. עס איז ענלעך דערויף, ווי נ. וואָלט אַלץ באַשלאָסן, אַליין אויסגעוויילט און אָפּגעשאַפט. דאָס דערהרגעט מיך ממש. אים געפעלט נישט דאָס, וואָס קריוו.***) האָט געזאָגט וועגן דאַנילאָוון, אָבער יענער האָט דאָך דערפילט זיין חוב. עס דאַרף דאָך זיין עפעס אַ סיבה, אויסער זיין שלעכטן כאַראַקטער, וואָס די גאַנצע אַרמיי און דער אַלטער איוואַנאָוו האָבן אים (דאַנילאָוון) פיינט. אַלע זאָגן, אַז ער האַלט נ. און די אַנדערע גרויספירשטן אין די הענט. זיי מיר מוחל, וואָס איך שרייב דיר עס, אָבער איך פיל מיך אַזוי אומגליקלעך;

---

*) ד. ה. דעם באַשלוס צונויפצורופן די דומע.

**) צו בלייבן ביים אַלטן באַשלוס.

***) קריוואָשייאין.

עס זעט אויס, ווי אַלע עצהן דיר שלעכט און מען נוצט אויס דיין גוטסקייט. דער שוואַרציאָר זאָל נעמען די הויפטקוואַרטיר: קיין גוטס קאָן שוין פון דאָרט נישט זיין. גאָט צו דאַנקען, וואָס דו קאָנסט פאַרברייגגען גוט אַ טאָג אין ביאַלאָוויעזש, צווישן גאָטס וואונדערשיינער נאַטור, ווייט פון אינטריגעס. ווען דו וואָלסט נאָר געקאָנט אַ פּלי טאָן אויף א טאָג אָדער צוויי צו איוואַנגאָוון און אויף מאָרגן ערגעץ אַנדערש, וואו עס געפינט זיך מיליטער, נישט דאָרט, וואו עס שטייט די גוואַרדיע, נאָר דאָרט, וואו עס זיינען צונויפגעזאַמלט אַנדערע, וועלכע וואַרטן אויף דיר. דו ביזט שוין ווידעראַמאָל צו לאַנג נישט אינדער-היים. גר(יגאָרי) האָט געבעטן, אַז דאָס זאָל מער נישט זיין, אָבער אַלץ טוט זיך דאָך געגן זיין רצון און דאָס האַרץ, וואָס איז פול ביינקשאַפט און פחד, ווערט מיר פאַרגאָסן מיט בלוט. אַך, ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט דיך באַשירמען פון די אַלע גרויסע זאָרגן און יסורים. עס קומט אויס מער איבערצוטראָגן, ווי דאָס האַרץ קאָן אויסהאַלטן. עס וואָלט זיך געוואָלט אַנט-שלאָפן ווערן אויף לאַנג...

נשמהלע, אפשר וועסטו שיקן אַ טעלעגראַמע דעם אָרעמען אַלטן גענעראַל קאַזבעק, וואָס האָט איצט פאַרלאָרן דעם דריטן זון. פאַר דעם אָרעמען זון און פאָטער וואָלט עס געווען אַן אמתע טרייסט. היינט איז אַ מוראדיקע היץ און די לופט איז שווער און דושנע, אָבער דער ווינט איז אויך אַ שטאַרקער. די פאָרהיינגלעך אויפן באַלקאָן פלאַטערן. דעזי האָט באַקומען אַ ידיעה פון וויקין (דער שוועדישער) פון קאַרלסרוע: בשעת די פראַנצויזן האָבן גענומען וואַרפן באָמבעס אויפן פּאַלאַץ, זיינען זיי אַלע פיף אַ זייגער פאַרטאָג אַריינגעלאָפן אין די קעלערס.

ווי טרויעריק דאָס איז—דוקא באַפאַלן דעם פּאַלאַץ, נאָכ-דעם וועט גיין אונזער פּאַלאַץ אין מיינץ, און דער אַלטער פרעכטיקער מוזיי—יעדע מדינה לויט דער ריי. איוואַן אָרלאָוו באַדאַרף אַ וואָך צייט פליען אַלע טאָג איבער ליבאַווע. עס

פרייט מיך אַזוי, וואָס דו האָסט געזאָגט אין דיין רעסקריפּט, אַז אַלע דאַרפן העלפן, אַרבעטן, צוגרייטן קוילן און אַז. וו. איצט וועלן זיי, צולעצט, מוזן דאָס טאָן. צי שלאָגן דיך אפשר אַרויס פון געדולט מיינע לאַנגע וואָרטשנדיקע בריוו, אָרעמער קליינינטשקער מיינער?

איך בין אויסן נאָר דיין טובה און איך שרייב פון דער טיפעניש פון אַ ליידנדיקן אויסגעפייניקטן האַרץ.

גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ מיאוסע יסורים פון אַלע זייטן. ווען פאָרט וועט ווידעראַמאָל נעמען הערשן שלום און גליק אויף דער ערד?

איך בין דיר אַזוי דאַנקבאַר פאַר דיין טייערער טעלע-גראַמע. איך האָב געבעטן גאָרעמיקינען, ער זאָל מאָרגן, דאָ-נערשטיק, קומען צו מיר און איך וועל זיין גליקלעך אויסצו-הערן דעם ליבן אַלטן, און מיט אים קאָן איך ריידן גאָר אָפנ-האַרציק. איך קען אים נאָך פון דער צייט אָן, זינט איך האָב חתונה געהאַט און ער איז דיר אַזוי טריי און איבערגעגעבן און וועט מיך פאַרשטיין. איצט איז ניין אַ זייגער, עס איז אַ שלאַקסרעגן און צוויי מאָל—זייער אַ ווייטער דונער. איצט גייט אַ גוס-רעגן שוין פיר שעה צייט—דאָס וועט אָפּפרישן די לופט, וואָס איז היינט אַ גאַנצן טאָג געווען זייער דושנע. גר(י-גאָרי) האָט טעלעגראַפירט אַ. (אַניען) פון וויאַטקע: „איך פאָר רואיק, כ׳שלאָף, גאָט וועט העלפן, איך קוש אַלעמען״.

זיי געזונט, מיין קליינינטשקער, שלאָף רואיק און שטיל, הייליקע מלאכים זאָלן באַשירמען דיין שלאָף און זאָלן די פלייסיקע תפילות פון דיין ליבנדיקער ווייבעלע אָפּהיטן איר טייערן זוניקן גרויסאויגיקן מאַנעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 18 יונ

נשמהלע מיינס.

דרויסן איז אמתער זומער, בייטאָג איז זייער הייס אונ אין אָוונט איז פרעכטיק. איך פאַרהאָף, אַז מאָרגן ווען מיר האָבן די לאָמפּן פאַרטיק, און דעמאָלט וועלן מיר קאָנען לייננגער זיצן אויף דער פרייער לופט, אויב די קאָמאַרן וועלן אונז נישט אויפעסן. די מיידעלעך זיינען נאָכן מיטאָג זיך דורכגעפאָרן אויפן מאָטאָר און פריער האָבן זיי באַזוכט טאַטיאַנען. דער ליבער אַלטער גאָרעמיקין איז געזעסן מיט מיר אַ שעה צייט, און מיר שיינט, אַז מיר האָבן באַרירט אַ סך פראַגן. זאָל אים גאָט נאָר פאַרלייגערן די יאָרן. איך האָב אים געפרעגט וועגן פּאָליוואַנאָוו. ער האָט געזאָגט, אַז בשעת ער (פּאָליוואַנאָוו) איז פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר וואַרשע, האָט נ. (ניקאָלאַשע) געמאַכט אַ שרעקלעכע גרימאַסע, אָבער איצט האָט ער אים באַלד פאָרגעלייגט, און אַז ג. (גאָרעמיקין) האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס רופט ער איצט אָן זיין נאָמען, האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט געענדערט זיין מיינונג. ער האָט מיר איבערגעגעבן דאָס, וואָס סאַמאַרין האָט אים געזאָגט און וואָס ער האָט דיר נישט געשריבן, האָב איך אים אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג וועגן אים און וועגן שטשעגלאָוויטאָוון), און דעמאָלט האָט ער מיך זייער אָנגענומען איבערראַשט, זאָגנדיק, אַז דו האָסט אים מיטגעטיילט, אַז דו האָסט בדעה אים (שטשעגלאָוויטאָוון) צו טוישן. ער מיינט, אַז כוואָסטאָוו וועט זיין אַ גוטער אויס-

וואָל. ער זעט און פאַרשטייט אַלץ אַזוי קלאָר, אַז ס'איז אַן אמתער תענוג מיט אים צו ריידן. מיר האָבן געשמועסט וועגן דייטשן און יידן און וועגן דעם, אַז דאָס אַלץ איז נישט ריכ־טיק געפירט געוואָרן און וועגן די באַפעלן, וואָס זיינען אַרויס־געגעבן געוואָרן דורך די גענעראַלן און נ. (ניקאָלאַשען). ווי זיי זיינען זיך, אַ שטייגער, באַגאַנגען מיט עקספּאַרע*). איך וואָלט געוואָלט, אַז די אַנדערע זאָלן אויך זיך אויסצייכענען מיט אַזאַ געזונטן שכל, ווי ער. איך בין זייער מיד, וועל איך ענדיקן און וועל מיך סטאַרען איינצושלאָפן. גאָט זאָל בענטשן דיין שלאָף.

דעם 19-טן. גוט מאָרגן, מיין אוצר. ווידער אַ פּרעכטי־קער וועטער. אַזאַ מתנה פון גאָט נאָך אַזאַ שפּעטיקן זומער און רעגנס. דער אינזשענער-מעכאַניק**) איז געקומען צו מיר און איך וואָלט אים וועלן פאַרטרייבן. עס וואָלט זיך געוואָלט וויסן די מלחמה-נייס, דאָ הערט מען אַזוי ווייניק. אונזער פאַרעקשנ־טער צוריקמאַרש וועט סוף-כל-סוף שטאַרק פאַרלייגערן און קאָמפּליצירן זייער פראָנט, און איך גלויב, אַז דאָס וועט אונז ברענגען אַ פּעולה. וואָס הערט זיך מכוח וואַרשע? פון די לאַ־זאַרעטן פירט מען אַרויס די קראַנקע און מאַנכע עוואַקואירן זיך אינגאַנצן. דאָס איז מסתמא בלויז אַן עקסטרע מיטל פון פאָר־זיכטיקייט וועגן, ווײַרום פאַר די עלף חדשים צייט האָט מען געקאָנט גוט באַפעסטיקן די שטאָט.

זיי (די דייטשן) וועלן מסתמא באַגייען זייער הערבסטבאַ־וועגונג, אָבער איצט וועלן זיי אַרויסשיקן זייערע בעסטע מילי־טערטיילן, און זיי וועט זיין לייכטער, מחמת זיי קענען שוין אויסווייניק דעם גאַנצן מלחמה-פּלאַן. מיינע טייערע סיבירער

---

*) אַ מיטגליד פון מלוכה־ראַט.

**) דער קיזוערינס געוויינלעכער טערמין, וואָס האָט אַ שייכות צו איר געזונט־צושטאַנד.

מיט זייערע חברים וועלן מוזן אויסהאַלטן אַ מאַסנאָנגריף—זאָלן זיי ווידעראַמאָל מציל זיין וואַרשע. אַלץ ליגט אין גאָטס האַנט, און דערווייל קאָנען מיר נאָך ציען, ביז מיר וועלן באַקומען די געניגלעכע צאָל קוילן און דעמאָלט וועלן מיר זיי באַפאַלן מיט אַלע קרעפטן. אָבער די שטענדיקע קאָלאָסאַלע פאַרלוסטן צע־רייסן דאָס האַרץ,—זיי גייען אפילו ווי קדשים גלייך אין זייער הימל־וואוינונג, דאָס איז אמת, דאָך אָבער איז עס זייער שווער. דו נעם אין אַכט בעבים אונטערשריפט אין זיין בריוו—דאָס איז זיין אייגענע דערפינדונג; הייִנט אינדערפרי, ביי דער לעקציע, איז זיין שטימונג, קענטיק, געווען אַ ביסל ווילד, און ער האָט באַקומען אַ 3. די מיידעלעך לערנען זיך אויפן באַלקאָן. בענ־קענדאָרף*) איז אין שטאָט פלוצלונג אַנידערגעפאַלן אין חלשות און, פאַלנדיק, זיך צעקלאַפט. מען זאָגט, אַז דאָס קאָן זיין פון מאָגן, אָבער איך שרעק מיך פאַר עפעס ערגערס. מיר וועלן זען, וואָס די דאָקטוירים וועלן זאָגן הייִנט אינדערפרי. דאָס וואָלט געווען אַ פאַרלוסט, מחמת ער איז אַ סך מער ווערט פון וואַליען**). ער איז דאָך אַ מענטש פון אַלטן סטיל און איצט באַגעגנט מען אים שוין, ליידער, נישט. נעבן מיר אויפן באַל־קאָן שטייט אַ גרויסער יאַשמין־בוקעט. פרוי ווילטש(קאָווסקי) האָט אים אָנגעריסן אינם לאַזאַרעטפאַרק.

זיי געזונט, נשמהלע, מיין ליכט, מיין פרייד. איך בענטש און קוש דיך אָן אַ שיעור מיט דער טיפסטער ליבע.

אויף שטענדיק דיין אייגן ווייבעלע.

---

*) הויפמאַרשאַל גראַף פ. ק. בענקענדאָרף.

**) פירשט ו. דאָלגאָרוקי, האָט שפּעטער באַגלייט די קייזערלעכע פאַמיליע קיין סיביר און איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט זיי.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 22 יוני 1915.

מיין געליבטער.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, צי דו ביזט דערפאָרן ביז ביאַלאָוויעזש און צי ס׳איז געווען אַ שיין וועטער. דיין צוריקקער אַהיים האָסטו, אַלזאָ, אָפּגעלייגט. נו, מילא, פאַרפאַלן. ווען דו וואָלסט וויניקסטנס געקאָנט זיך באַנוצן דערמיט און באַזוכן מאַנכע מיליטערטיילן. אפשר וואָלסטו געקאָנט אַ פלי טאָן, בלומרשט קיין ביאַלאָוו., אינדעראמתן אָבער ערגעץ אַנדערש און קיינעם נישט זאָגן דערפון? דאָס באַדאַרף גאָרנישט וויסן — נישט נ. (ניקאָלאַשע) און נישט מיין שונא דזשונק(אָווסקי)*). אַך, מיין טייערער, ער איז נישט קיין ערלעכער מענטש, ער האָט עס באַוויזן דאָס געמיינע פאַפּיר**) (קעגן אונזער פריינט) דמיטריען, וואָס האָט אַלץ איבערגעגעבן פאַוולען און יענער אַליען. און דו האָסט אים כלומרשט געזאָגט, אַז דיר זיינען נמאס געוואָרן די דאָזיקע שמוציקע מעשיות און אַז דו פאַרלאַנגסט, מען זאָל אים שטרענג באַשטראָפן.

זעסטו, ער צעדרייט דיינע ווערטער און באַפעלן. מען האָט באַדאַרפט באַשטראָפן די רכילותניקעס און נישט אים, און דאָס, וואָס מען וויל פּטור ווערן פון אים אין דער הויפּט-

---

*) גענעראַל דזשונקאָווסקי, געוועזענער געהילף פונם אינערנמיניסטער.

**) דער פּראָטאָקאָל וועגן סקאַנדאַל, וואָס ראַספּוטין האָט געמאַכט אין דער שיילע ראָדע אויף די אינזלען אין פּעטערבורג.

קוואַרטיר (איך גלויב דערין)—אָך, דאָס איז זייער געמיין. אַז־מעטום זיינען ליגנער, שונאים, איך ווייס שוין פון לאַנג, אַז דזשונ(קאָווסקי) האָט פיינט גר(יגאָריען) און אַז דעריבער האָט די פּרעאָבראַזשענישע קליקע***) מיך אויך פיינט, ווייל אַ דאַנק מיר און אַליען קומט ער צו אונז אין הויז.

ווינטער האָט דזש(ונקאָווסקי) באַוויזן דאָסדאָזיקע פּאַפּיר וואָייקאָוון און האָט אים געבעטן, ער זאָל עס מיר איבערגעבן, אָבער וואָייקאָוו האָט נישט געוואָלט טאָן אַזאַ מין געמיינהייט, און דעריבער האָט ער (דזשונקאָווסקי) פיינט וואָייקאָוון און האַלט זיך בעסער מיט דרענט(עלן). עס איז מיר נישט אָנגענעם צו ריידן פון אַזוינע זאַכן, אָבער דאָס איז אַ ביטערער אמת, און צו דעם אַלעם איז נאָך צוגעגעבן געוואָרן סאַמאַרין—פון דעמדאָזיקן וועט מען קיין גוטס נישט האָבן.

אויב מיר וועלן דערלאָזן, מען זאָל פאַרפאָלגן אונזער פ ר יי נ ט, וועלן מיר און אונזער לאַנד דערפון ליידן. נאָך פריער, מיט אַ יאָר צוריק, האָט מען זיך געפּרובט אים צו דערהרגענען, און מען האָט שוין געענוג געכּילותט אויף אים. האָבן זיי דען נישט געגרופן באַלד די פּאָליציי, צו פּאַקן אים אויפן אָרט—וואָס פאַר אַ געמיינהייט. איך בעט דיך, רייד איבער מיט וואָייקאָוון וועגן דעם. א י ך וו י ל, אַז ער זאָל וויסן פון דזשונק(אָווסקיס) אויפפירונג און פון דעם, אַז מען דרייט איבער דיינע ווערטער. וואָייק(אָוו) איז נישט קיין נאַר, ער וועט נישט אָנרופן קיין נעמען און וועט די זאַך בעסער דערגיין. מען דאַרף נאָר פּאַ ר וו ע ר ן צו ריידן דערפון. איך ווייס נישט, וואָס וועט שטשערב(אַטאָוו) דאָ טאָן. מסתּמא איז ער אויך אַ שונא אונזער פר(יינט) און דעריבער אויך אונז. די דומע טאָר אויך נישט באַרירן דעמדאָזיקן ענין, בשעת זיי וועלן זיך פאַרזאַמלען. לאָמאַן זאָגט, אַז זיי וועלן פּרובן צווינגען, מען זאָל זיך אָפּזאָגן פון גר(יגאָריען) און פון אַ(ניעז), איך בין אַזוי־

---

*) גענעראַל דזשונקאָווסקי האָט געדינט אין פּרעאָב. פּאָלק.

מיך, און האָב אַזוינע קאָפּשמערצן און אַזוינע יסורים פון דעם אַלעם—עס איז אַזוי שרעקלעך דער געדאַנק, אַז קעגן דעם, וואָס איז ביי אונז אַזוי חשוב, ווערט ווידער פאַרשפּרייט שמוץ.

אַך, מיין טייערער, ווען פאָרט, ענדלעך, וועסטו אַ קלאַפּ טאָן מיט דער האַנט איבערן טיש און וועסט אַ געשריי טאָן אויף דזשונק(אָווסקין) און אויף די אַנדערע, ווען זיי האַנדלען נישט ריכטיק. פאַר דיר שרעקט מען זיך נישט, אָבער מען באַדאַרף זיך שרעקן. דו מוזט זיי אָנשרעקן, אַנישט וועלן אַלע אויף אונז רייטן. גענוג, מיין טייערער, נישט צווינג מיך צו פטרן אומזיסטע רייד. אויב דזש(ונקאָווסקי) שטייט אין דינסט ביי דיר, טאָ רוף אים און זאָג אים, אַז דו ווייסט (נישט אָנרופנדיק קיין נעמען), אַז ער האָט אין שטאָט באַוויזן דאָס פּאַפּיר און אַז דו באַפעלסט אים, ער זאָל עס צערייסן און זאָל זיך מער נישט דערוועגן צו ריידן אַזוי וועגן גר(יגאָריען), ווי ער האָט גערעדט ביז אַהער, און אַז ער איז אַ פּאַרועטער און נישט קיין טרייער אונטערטאַן, וואָס האָט זיך באַדאַרפט אָננעמען פאַר די פּריינט פון זיין מלך, ווי עס איז דער מנהג אין אַלע אַנדערע לענדער. אַך, מיין יינגל, צווינג זיי, זיי זאָלן ציטערן פאַר דיר. ליבן דיך איז נאָך נישט גענוג—מען באַדאַרף, אַז זיי זאָלן מורא האָבן דיך מצער צו זיין און צו פאַרשאַפן דיר עפּעס אומאָנגענעמעס. דו ביזט אַ צו גוטער, און אַלע באַנוצן זיך דערמיט. אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין, מיין ליבער, גלויב מיר כאָטש דאָסמאָל. איך זאָג דיר די ריינע וואָרהייט. די, וואָס האָבן דיך באמת ליב, לעכצן נאָך דעם, אַז די זאָלסט אַנטשלאָסענער און שאַרפער אַרויסווייזן דיין אומצופרידנקייט און אַז דו זאָלסט זיך שטריינג באַגיין. אַזוי קאָן עס גוט נישט גיין. ווען דיינע מיניסטאָרן וואָלטן מורא געהאַט פאַר דיר, וואָלט אַלץ בעסער צוגעגאַנגען. דער אַלטער גאָרעמ(יקין) מיינט אויך אַזוי, אַז דו באַדאַרפסט זיין מער זיכער אין זיך און באַדאַרפסט ריידן ענערגישער און שטאַרקער אַרויסווייזן דיין אומצופרידנקייט. וויפיל אָנקלאַגעס הערסטו אויף

דער הויפּטקוואַרטיר און אויף די אַלע, וואָס רינגלען אַרום נ. (ניקאָלאַשען).

איצט וועגן עפּעס אַנדערש. איך ווייס נישט, ווי אַזוי דערקלערט מען עס דיר גוט—קיין נעמען וועל איך נישט אָנ-רופן, מען זאָל זיך נישט באַצאָלן דערפאַר. די עריוואַנער— זיינען אַן אויסגעצייכנטער פאָלק; דאָרט, וואו עס איז נאָר פאַראַן אַ סכנה, שיקט מען זיי און מען האַלט זיי ביזן סאַמע סוף, מחמת מען איז זיכער אין זיי. איצט וויל מען אויסקלויבן אָפיצירן פון דעמדאָזיקן פאָלק און אַוועקשיקן זיי אין אַנדערע פאָלקן, כדי צו פאַרבעסערן די לעצטע. דאָס איז לגמרי נישט יושרדיק און עס טרעפט זיי ממש אין האַרץ אַריין. אויב דו וועסט נעמען דידאָזיקע אַלטע אָפיצירן, וועט שוין דער פאָלק זיין נישט דאָס, וואָס ער איז געווען. זיי האָבן פאַרלאָרן גע-בוג דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע (געפאַלענע) און זיי קאָנען זיך נישט באַגיין אָן זייערע אָפיצירן. איך בעט דיך, דערלויב נישט, מען זאָל אַזויאַרום צעשטערן דעם פאָלק, לאָז איבער דידאָזיקע אָפיצירן, זיי האָבן ליב זייער פאָלק און האַלטן אונ-טער זיין רום. אַזוי איז מען זיך שוין באַגאַנגען מיט די אַנ-דערע אָפיצירן פון דער 2 בריג(אַדע) און זיי האָבן מורא, אַז עס וועט אויך קומען זייער ריי; דאָס באַאומרואיקט זייער דעם קאָמאַנדיר און אַלעמען. אָבער זיי דערוועגן זיך נישט אַרויס-צוזאָגן זייער מיינונג וועגן דעם, מחמת זיי האָבן נישט קיין רעכט דערצו. דעריבער ווילן זיי, אַז זייער שעף זאָל עס וויסן און זאָל נישט דערלויבן, אַז זייערע קאַמפּאָ(יצירן) זאָלן אַריבערגעפירט ווערן אין אַנדערע פאָלקן.

„מיר ווילן קאָנען שטיין פאַר דעם קיסרס זאַך אין די רייען פונם היימישן פאָלק און אויף קיין איין מינוט זיך נישט פאַרטראַכטן אַוועקצו-לייגן אונזערע קעפּ פאַרן קיסר. דערדאָזיקער ענין לאָזט זיך לחלוטין נישט אָפּלייגן. מען מוז זיך צואיילן, כל־זמן מען האָט נאָך נישט באַוויזן צוצושטערן אונזער היימישן נעסט. איך מיין, אַז

דער פאָלק האָט מער ווי אַן אַנדערער פאַרדינט אַזאַ מין באַציאונג צו זיך צוליב זיין קאַמפּס-דינסט אין עבר און וועגן דער געגנוואַרט זאָל ריידן דער דיוויזיע-באַפעל. די גאַנצע לאַסט פון די אַריערגאַרדישע קאַמפן פון 31-טן מאַי ביז'ן 6-טן יוני האָט דער פאָלק געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן פון אויבן."

אָבער דו דערלאָז נישט נ. (ניקאָלאַשען) און די אַנדערע זיך אָנשטויסן, אַז דער פאָלק האָט געבעטן וועגן דעם, אַנישט וועלן זיי זיך באַצאָלן דערפאַר. איך בעט דיך, באַמי דיך און טו עפּעס דערין און גיב מיר אַן ענטפער: זיי זיינען זייער אומרואיק. פון דאָרט האָט מען צוגעשיקט אַ רייצנדיקן אָפּיציר מיט אַ בריוו. איך מוז ענדיקן, דער מענטש וואַרט. איך בענטש און קוש דיך אָן אַ שיעור.

דיין אייגן ווייבעלע

אַניע קושט דיין האַנט. זיי מיר מוחל פאַר דעמדאָזיקן משונה־לאַנגוויילינקן בריוו.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 25 יוני 1915

נשמהלע מיינס.

איך דאַנק דיר אַזוי צאַרט פאַר דיין ליבן לאַנגן בריוו. ער האָט מיך אַזוי דערפרייט. ווי גוט דאָס איז, וואָס דיין עקספּעדיציע איז אַזוי געלונגען, הגם דו ביזט געווען איינזאַם אָן דער געזעלשאַפט פון דיינע „Benoitons"*). איך האָב גאָר-

*) קענטיק, אַן אָפּגערעדטער וואָרטצייכן.

נישט געוואוסט, אַז נעווערלע*) איז געשטאָרבן, אַ גוטער אַל-סיטשקער!

ווי ס׳איז געלונגען, וואָס דו האָסט געזען זוברעס און האָסט געקאָנט אַדורכפאָרן די געדיכטעניש פון וואַלד.

אַך, מיין ליבער, וואָס פאַר אַ יסורים דו האָסט באַדאַרפט איבערלעבן, בשעת נ. האָט באַקומען דידאָזיקע שלעכטע ידיעות! דאָ הער איך גאָרנישט און איך לעב אין גרויס זאָרג און דער-וואַרטונג. איך וויל אַזוי וויסן, וואָס דאָרט געשיט. גאָט וועט אפילו העלפן, אָבער איך האָב מורא, אַז מיר וועלן נאָך מוזן איבערטראָגן אַ סך ליידן און האַרץ-יסורים. די פראַגע וועגן קוילן קאָן ממש גרוי מאַכן.

מיין ליבער, איך האָב געהערט, אַז דערדאָזיקער עקל-האַפטער ראָדיאַנקאָ און אַנדערע זיינען געווען ביי גאָרעמיקינען מיט דער בקשה, אַז די דומע זאָל באַלד צונויפגערופן ווערן. אַך, מען דאַרף נישט, איך בעט דיך! דאָס איז נישט זייער זאַך, זיי ווילן אַרומריידן די פראַגן, וואָס האָבן צו זיי נישט קיין שייכות און אַרויסרופן נאָך אַ גרעסערע אומצופרידנקייט. מען טאָר זיי נישט דערלאָזן. איך פאַרזיכער דיך, אַז פון זיי וועט מען האָבן בלויז שלעכטס, זיי ריידן צופיל.

רוסלאַנד איז, גאָט צו דאַנקען, נישט קיין קאָנסטיטוציאָ-נעלע מלוכה, הגם דידאָזיקע אויסוואורפן ווילן שפילן אַ ראָל און אַריינמישן זיך אין אַזוינע ענינים, אין וועלכע זיי טאָרן זיך נישט מישן. דו לאָז זיי נישט ווירקן אויף זיך. דאָס וועט אָנגענומען ווערן פאַר פּחד, ווען מען זאָל זיי נאָכגעבן, וועלן זיי אויפהויבן דעם קאָפּ.

דו ווייסט, גוטשקאָוו איז ווי פריער פּאָליוואַנאָווס אַ פריינט — דאָס איז געווען די סיבה, וואָס פּ.(אָליוואַנאָוו) און סוכ.(אָמלינאָוו) זיינען זיך צעגאַנגען. מיר געפעלט נישט דער-דאָזיקער אויסוואַל—עס עקלט מיר, וואָס דו געפינסט זיך אין

*) מסתמא עמעץ פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע אין ביאַלאָוויעזש.

דער הויפּטקוואַרטיר מיט אַ סך אַנדערע, מחמת דאָס באַטייט, אַז דו זעסט נישט קיין סאָלדאַטן, נאָר דו הערסט זיך צו צו נ. (ניקאָלאַשעס) עצות; אָבער דאָס איז נישט גוט און דאָס טאָר נישט זיין, ער האָט קיין רעכט נישט אַזוי צו טאָן, ווי ער טוט, אַריינמישנדיק זיך אין אַזוינע זאַכן, וואָס געהערן בלויז צו דיר. אַלע זיינען אויפגערעגט דערפאַר, ווייל די מיניסטאָרן פאָרן צו אים מיט זייערע באַריכטן, פּונקט ווי ער וואָלט איצט געווען קיסר.

אַך, מיין ניקי, אַלץ ווערט געטאָן נישט אַזוי, ווי עס פאָדערט זיך, און דעריבער האַלט דיך נ. (ניקאָלאַשע) נאָענט פון זיך, ער זאָל דיך קאָנען צווינגען, דו זאָלסט זיך אונטער-וואַרפן אַלע זיינע אידייען און שלעכטע עצות. שוין זשע גלויבסטו מיר נאָך אַלץ נישט, מיין יינגל?

שוין זשע פאַרשטייסטו נישט, אַז אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט ווערן אַ פאַררעטער פון אַ געטלעכן מאַן, קאָן נישט נושא חן זיין ביי גאָט, און זיינע מעשים קאָנען נישט זיין קיין גוטע. נו, אויב ער מוז פאַרבלייבן בראָש פון דער אַרמיי, איז מילא, פאַרפאַלן, און דער גאַנצער אומערפאָלג פאַלט אויף זיין קאָפּ; דערפאַר אָבער וועסטו זיך באַצאָלן פאַר די אינערלעכע פעלערן, מחמת ווער וועט עס גלויבן אין לאַנד, אַז ער הערשט צוגלייך מיט דיר!

דאָס איז אַבסאָלוט נישט ריכטיק און שלעכט.

איך האָב מורא, אַז איך דערצאָרן דיך און רעג דיך אויף מיט מיינע בריוו, אָבער איך בין אַליין אין מיינע יסורים און זאָרג און איך קאָן נישט פאַרבאָרגן דאָס, וואָס איך האַלט פאַר מיין ערלעכן חוב דיר צו זאָגן.

נעכטן אין אָוונט האָב איך איינגעלאַדן קוסאָוון (עקס-ניזשעגאָראָדער) פון מאָסקווער פאָלק אין טווער, און איך האָב ממש געשטוינט פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט בוכ-שטעבלעך דאָס, וואָס איך טראַכט, און ער קען דאָך מיך נישט; מיר זעען זיך אינגאַנצן דאָס צווייטע מאָל—היינט וויפיל אַנדע-רע מענטשן טראַכטן אַזוי, ווי ער! ער איז דריי טעג געווען

אין דער הויפּטקוואַרטיר און האָט פון דאָרט נישט אַרויסגעטראָגן קיין גוטן איינדרוק; דאָס אייגענע וואָייקאָוו און נ. פּ., וואָס זיינען דיר מער פון אַלע איבערגעגעבן. געדיינק, אונזער פריינט האָט דיך געבעטן מיט תחנונים, דו זאָלסט דאָרט לאַנג נישט פאַרבלייבן. ער קען און זעט ניקאָלאַשען דורך און דורך, ווי אויך דיין צו ווייך און גוט האַרץ. איך בין דאָ אָנמעכטיק צו העלפן—איך האָב זעלטן איבערגעלעבט אַזאַ שרעקלעכע צייט, פילנדיק און פאַרשטייענדיק, אַז אַלץ ווערט געטאָן נישט אַזוי, ווי מען באַדאַרף, און איך קאָן נישט ברייננען קיין שום נוצן—דאָס איז שרעקלעך שווער. אָבער ער, דאָס הייסט ניקאָלאַשע קען מיין ווילן און שרעקט זיך פאַר מיין ווירקונג אויף דיר. דאָס אַלץ איז אַזוי קלאָר. נו, איך וועל דיך מער נישט איינמאַטערן מיט מיין בריוו; איך וויל נאָר, אַז מיין געוויסן זאָל זיין ריין, וואָס עס זאָל נישט געשען.

איצט זיי געזונט, מיין צאַרט געליבטער, איך באַדעק דיך מיט קושן און רוף גאָטס ברכות אויף דיר.

אויף שטענדיק דיין אַלט ווייבעלע.

צאַרסקאָ'ע סעלאָ 22 אויגוסט 1915.

## מיין טייערער, געליבטער.*)

איך קאָן נישט געפינען קיין ווערטער, אויסצודריקן דיר אַלץ, וואָס איך וויל—מיין האַרץ איז פול. איך וואָלט דיך נאָר

*) דער ערשטער בריוו נאָכדעם, ווי דער קיסר האָט באַשלאָסן צו ווערן דער העכסטער הויפּטקאָמאַנדיר. פאַר דער צייט, וואָס דער קיסר האָט פאַרבראַכט אין צאַרס־

געוואָלט האַלטן פעסט אין מיינע אָרעמס און שעפּטשען דיר ווערטער פון אומענדלעכער ליבע. עס איז מער ווי שווער דיך אָפּצולאָזן אינגאַנצן אַליין, אָבער גאָט איז נאָענט, נאָענטער ווי אַן אַנדערש מאָל. אין דעמדאָזיקן גרויסן קאַמף האָסטו זיך אַליין מוטיק און אַנטשלאָסן געשלאָגן פאַר דיין לאַנד און טראָן. פריער האָט מען קיינמאָל נישט געזען אין דיר אַזאַ דרייסטקייט, און דאָס קאָן נישט ברייגען קיין גוטע פרוכטן.

שרעק דיך נישט פאַר דעם, וואָס איז געבליבן פון הינטן—מען מוז זיין שטריינג און אַלץ מיטאַמאָל איבערהאַקן. מיין ליבער, איך בין דאָ, נישט לאַך פון אַ נאַריש אַלט ווייבעלע, אָבער זי האָט אָנגעטאָן אומזעעוודיקע „הויזן" און איך קאָן צווינגען דעם אַלטן*), ער זאָל קומען און אונטערהאַלטן אין אים די ענערגיע. בשעת איך קאָן ברייגען דעם קלענכטן נוצן—טאָ זאָג מיר וואָס צו טאָן, באַנוץ דיך מיט מיר. אין אַזאַ צייט וועט מיר גאָט געבן כוחות דיר צו העלפן, וואָרום אונזערע נשמות קעמפן פאַרן אמת קעגן דעם שלעכטס. דאָס אַלץ איז טיפער, ווי עס זעט אויס אויפן קוק. מיר, וואָס זיינען געווינט צו קוקן אויף אַלץ פון דער צווייטער זייט, זעען, וואָס דאָס איז פאַר אַ קאַמף און וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר באמת און וואָס באַדייט ער. דו האָסט באַוויזן דיין מאַכט; דו האָסט דערוויזן, אַז דו ביזט אַן אַ ל יי נ ה ע ר ש (ע ר), וואָס אָן אים קאָן רוסלאַנד נישט עקזיסטירן. ווען דו זאָלסט, אַ שטייגער, איצט נאָכגעבן אין דידאָזיקע פאַרשיידענע פראַגן, וואָלטן זיי פון דיר נאָכמער אַרויסגעצויגן. זיין פעסט—דאָס איז די

---

קאָיע סעלאָ—פונם 27 יוני ביזן 22 אויגוסט,—האָט די קייזערין געפּועלט ביי אים אַלץ, וואָס זי האָט פריער געבעטן אין אירע בריוו: מען האָט איינגעאָרדנט פּערזענלעכע קרייצצוגן אין גאַנצן לאַנד, די מיניסטאָרן, וואָס די קייזערין יאָט זיי נישט געוואָלט, זיינען באַזייטיקט געוואָרן און אַז. וו.

*) גאָרעמיקין.

איינציקע ישועה—איך ווייס, ווי טייער דאָס קאָסט דיר און איך האָב געליטן און לייד שרעקלעך פאַר דיר. מיין מלאך, זיי מיר מוחל, איך בעט דיך, דערפאַר, וואָס איך האָב דיך נישט געלאָזט צורו און האָב דיר אַזויפיל דאָקוטשעט, אָבער איך קאָן צו גוט דיין אויסגעצייכנטן ווייכן כאַראַקטער—און אויך דאָסמאָל איז דיר אויסגעקומען איבערצוברעכן אים. דיר איז אויסגעקומען אויסצושפּילן דעם קאַמף איינער קעגן אַלע. דאָס וועט זיין אַ רומפול בלאַט אין דיין ממשלה און אין דער רוסישער געשיכטע—דער פּנקס פון דידאָזיקע וואָכן און טעג.

אַזאַ שווערער קאַמף, ווי דער, וואָס דו האָסט געפירט, איז זעלטן-ווען פאָרגעקומען, און ער וועט זיין באַקרוינט מיט ערפאָלג—דו זאָלסט מיר נאָר גלויבן.

דיין גלויבן איז בייגעשטאַנען אַ נסיון, און דו ביזט פאַר-בליבן האַרט ווי אַ פעלז—דערפאַר וועסטו זיין געבענטשט. גאָט האָט דיך געזאַלבט פאַר דער מלוכה, בשעת דו ביזט געקרוינט געוואָרן. ער האָט דיך אַוועקגעשטעלט דאָרט, וואו דו שטייסט, און דו האָסט דערפילט דיין חוב. זיי זיכער, לחלוטין זיכער דערין. ער וועט נישט איבערלאָזן זיין געזאַלבטן. די תפילות פון אונזער פריינט הויבן זיך אויף פאַר דיר טאָג און נאַכט צום הימל, און גאָט וועט זיי דער-הערן.

די, וואָס שרעקן זיך און קאָנען נישט פאַרשטיין דיינע מעשים, וועלן דורך די געשעענישן געצוואונגען ווערן צו פאַר-שטיין דיין גרויסע חכמה. דאָס איז דער אָנהויב פון דיין נצחון אַלס מושל. ער*) האָט אַזוי געזאָגט און איך גלויב דערין לחלוטין. דיין זון גייט אויף—און היינט לייכט זי אַזוי העל. דו וועסט אויך פאַרכישופן די אַלע גרויסע לא-יוצלחס, פּחדנים, וואָס האָבן פאַרלאָרן דעם וועג, די רווישיקע, בלינדע, באַגרענצ-טע (און די נישט ערלעכע, פאַלשע), און דיין Sunbeam**)

---

*) ראַספּוטין.

**) דער פראָמנידרש.

וועט זיך באַווייזן, צו העלפן דיר; דאָס איז דיין אייגן קינדי-
שוין זשע וועט עס נייט רירן די הערצער און נישט צווינגען
זיי צו פאַרשטיין, וואָס דו טוסט און אויף וואָס זיי ווילן
אַרויפלייגן די האַנט: צעטרייסלען דיין טראָן, אָנשרעקן דיך
מיט אינערלעכע שוואַרצע פּאָר-רמזים; בלויז איין קלייניטשקער
נצחון דאָרט אויפן פראָנט, און זיי וועלן זיך ענדערן. זיי וועלן
זיך אומקערן אַהיים אין דער ריינער לופט און זייער גייסט
וועט גערייניקט ווערן; זיי טראָגן דאָך אין האַרצן דיין אָפּבילד
און דעם אָפּבילד פון דיין זון.

איך פאַרהאָף, אַז גאָרעמ(יקינען) וועט געפעלן ווערן דאָס, וואָס דו האָסט אויסגעקליבן כוואָסטאָוון—דו באַדאַרפסט האָבן אַן ענערגישן אינערנמיניסטער; ווען ער וועט זיך אַרויסווייזן נישט אויף זיין אָרט, קאָן מען אים שפעטער טוישן. ביי אַזוינע צייטן איז דערין נישטאָ קיין שום שלעכטעס. וועט ער אָבער זיין ענערגיש, קאָן ער ברענגען אַ סך הילף און דעמאָלט וועט דער אַלטער אויך נישט שאָדן.

אויב דו נעמסט אים, טאָ טעלעגראַפיר מיר „tail" (כוואָס-טאָוו) „alrigth"*), און איך וועל שוין פאַרשטיין.

דו נעם זיך נישט צום האַרצן דאָס, וואָס דער עולם רעדט. איך בין צופרידן, וואָס דמיטרי וועט שוין דאָרט נישט זיין. וואָייקאָוון נעם פעסטער אין דער האַנט, אויב ער דרייט אַ קאָפּ, וואָרום איך בין זיכער, אַז ער האָט דאָרט מורא זיך צו טרעפן מיט מענטשן, וואָס קאָנען קלערן, אַז ער איז געווען קעגן נ. (ניקאָלאַשען) און אָרלאָוון, און כדי צו פאַרגלעטן דעם איינדרוק, בעט ער דיך פאַר נ. (ניקאָלאַשען). דאָס וואָלט גע-ווען אַ געוואַלדיקער פעלער און וואָלט געמאַכט אַ תל פון אַלץ, וואָס דו האָסט דורכגעפירט**). און דער גאַנצער אינערלעכער

---

*) בוכשטעבלעך: דער ע ק איז אין אָרדנונג. כוואָסט—די ערשטע העלפט פון דעם פאַמיליענאָמען—איז אין רוסיש דער טייטש אַן ע ק.

**) עס האַנדלט זיך וועגן אַ רעסקריפּט אויפן נאָמען פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן צוליב דעם, וואָס ער ווערט באַפרייט פון זיין פּאָסטן אלס העכסטער הויפּטקאָמאַנדיר.

קאַמף וואָלט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. קיין צו גוטער טאָרסטו נישט זיין, איך וויל זאָגן—נישט ספּעציעל, מחמת אין קעגנפאַל וואָלט עס געווען נישט ערלעך, וואָרום עס זיינען דאָך געווען פאַקטן, צוליב וועלכע דו ביזט נישט געווען צופרידן מיט אים. דערמאָן די איבעריקע וועגן מישען, דעם ברודער פונם אימפּעראַטאָר, און אגב איז דאָך דאָרט אויך אַ מלחמה*).

דאָס אַלץ איז צום גוטן, ווי עס זאָגט אונזער פריינט, דאָס ערגערע איז שוין אַוועק. איצט רייד איבער מיטן קריגס-מיניסטער, ער וועט אָננעמען ענערגישע מיטלען, קוים וועט מען זיך נאָר בויטיקן אין זיי. אָבער כוואָסט(אָוו) וועט זיך אויך באַמיען וועגן דעם, אויב דו וועסט אים נאָר באַשטימען. ווען דו וועסט אַוועקפאָרן, וועל איך היינט ביינאַכט שיקן דורך אַניען אַ טעלעגראַמע צו אונזער פריינט, און ער וועט באזונדערס טראַכטן וועגן דיר. אָבער פאַרענדיק גיכער מיט נ. (ני-קאָלאַשעס) באַשטימונג—דאָס וואָלט געווען שלעכט פאַר דער זאַך און אויך פאַר אַלעקסייעוון**); אַ פאַרענטפערטע פראַגע באַרואיקט די מוחות—אפילו ווען זי שטימט נישט מיט זייער רצון-מער ווי דאָס וואַרטן און די אומבאַשטימטקייט, און די פּרוּוון צו ווירקן אויף דיר—אָט דאָס מאַטערט איין דאָס האַרץ.

איך פיל מיך אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט און האַלט מיך קוים אויף די פיס—זאָלן זיי אָבער נישט מיינען, אַז איך פאַל פון מוט אָדער איך שרעק מיך—איך בין זיכער און רואיק.

ס'אַראַ שמחה, וואָס מיר האָבן צוזאַמען באַזוכט דידאָזיקע הייליקע ערטער***)—דיין טייערער פאָטער וועט אודאי מיט

*) דידאָזיקע ווערטער האָבן אַ שייכות צו דעם, וואָס ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז באַשטימט געוואָרן אויף קאַווקאַז, וואו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען דעם קיסרס פעטער מיכאיל ניקאָלאַיעוויטש.

**) גענעראַל מ. וו. אַלעקסייעוו, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון שטאַב פון העכסטן הויפּטקאָמאַנדיר.

***) ביידע האָבן באַזוכט אַלעקסאַנדער III קבר אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער קאַטעדראַלע.

אַ באַזונדערע כוונה תּפֿילה טאָן פֿאַר דיר.

גיב מיר צו וויסן באַלד ווי דו וועסט באַר קאָנען; וואָר איך וועל נישט זיין זיכער, אַז קיינער קוקט אונז נישט נאָך, וועל איך מיך אַליין שרעקן פֿאַר נ. פּ.ס טעלעגראַמעס צו אַניען.

גיב מיר איבער דעם איינדרוק, אויב דו קאָנסט. זיי פּעסט ביזן טויט; גיב מיר די זיכערקייט דערין, אַנישט וועל איך קראַנק ווערן פֿון אומרואיקייט.

וואָס פֿאַר אַ פּיין דאָס איז—נישט צו זיין מיט דיר. איך ווייס, וואָס דו פֿילסט און דיין באַגעגעניש מיט נ. (ניקאָלאַשען) וועט נישט זיין קיין אָנגענעמע; דו האָסט אים געגלויבט, און איצט ווייסטו, אַז מיט חדשים צוריק האָט נאָך אונזער פֿריינט געזאָגט, אַז נ. האָט נישט ריכטיק געהאַנדלט בנוגע צו דיר, צו דיין לאַנד און צו דיין ווייב. נישט דאָס פֿאָלק וואָלט געשאַדט דיינע נאָענטע, נאָר נ. (ניקאָלאַשע) און די גאַנצע קאָמפּאַניע—גוטשקאָוו, ראָדז(יאַנקאָ), סאַמאַרין און ד. גל.

מיין ליבער, אויב דו וועסט הערן, אַז איך בין נישט אינגאַנצן געזונט, זאָלסטו זיך נישט באַאומרואיקן. איך האָב אַזוי שרעקלעך געליטן און פֿיזיש זיך איבערגעמאַטערט און איך בין נאָך אַלץ אויפֿגערעגט, כּל-זמן אין דער הויפּטקוואַרטיר וועט אַלץ נישט אָפּגעטאָן ווערן און כּל-זמן נ. (ניקאָלאַשע) וועט נישט אַוועקפֿאָרן. ערשט דעמאָלט וועל איך מיך פֿילן באַרואיקט. אַרום דיר גייט אַלץ גוט, אָבער ווען דו ביזט נישטאָ, באַנוצן זיך אַלע תּיכּף דערמיט. דו זעסט דאָך, אַז זיי שרעקן זיך פֿאַר מיר, און זיי קומען צו דיר, ווען דו ביזט אַליין. זיי ווייסן, אַז איך האָב מיין ווילן, בשעת איך פֿיל, אַז מיין זאַך איז אַ גערעכטע. און איצט ביזטו גערעכט, מיר ווייסן עס, אַלזאָ, דו צווינג זיי, זיי זאָלן ציטערן פֿאַר דיין דרייסטקייט און דיין ווילן. גאָט איז מיט דיר און אונזער פֿריינט איז פֿאַר דיר—אַלץ איז גוט, און שפּעטער וועלן דיר אַלע באַדאַנקען דערפֿאַר, וואָס דו האָסט מציל געווען דיין לאַנד. דו זיי צווייפֿל נישט—גלויב, און אַלץ וועט שוין גוט זיין. אַלץ איז אָפּהענגיק פֿון דער אַרמיי. עטלעכע שטרייקן זיינען

גאָרנישט אין פאַרגלייך, מחמת זיי קאָנען און מוזן געראַטעוועט ווערן. די לינקע זיינען ווילד צערייצט, ווייל אַלץ גליטשט זיך אַרויס פון זייערע הענט, און זייערע קאָרטן זיינען קלאָר פאַר אונז און אויך יענס שפּיל, פאַר וועלכן זיי האָבן געוואָלט אויס-נוצן נ. (ניקאָלאַשען). אפילו שוועדאָוו ווייס עס פון דאָרטן.

איצט זיי געזונט, מיין נשמהלע. גיי גלייך שלאָפן, טרינק נישט קיין טיי מיט זיי אַלעמען, מיט די אויסגעצויגענע פּנימער. שלאָף לאַנג און גוט, דו נויטיקסט זיך אין לופט נאָך אַזויפיל אָנשטריינגונג און דיין האַרץ באַדאַרף האָבן מנוחה. דער אַל-מעכטיקער גאָט זאָל בענטשן דיין זאַך, די הייליקע מלאכים זאָלן דיך באַשירמען און דערפירן און בענטשן די אַרבעט פון דיינע הענט. איך בעט דיך, גיב איבער אַלעקסייעוון דאָסדאָזי-קע קליינינטשקע בילדל פון יאָאַן דעם קריגסמאַן צוזאַמען מיט מיינע ברכות און הייסע וואונטשן. דו האָסט מיין הייליק בילדל, מיט וועלכן איך האָב דיך געבענטשט פאַראַיאָרן; איך גיב דיר נישט קיין אַנדער בילדל, מחמת עס ברענגט מיט זיך מיין ברכה; אגב האָסטו אויך דאָס בילד פון הייליקן ניקאָלאַי, וואָס גר(יגאָרי) האָט דיר געגעבן, עס זאָל דיך באַשירמען און פירן. פאַר דיינעטוועגן שטעל איך תמיד אַ ליכט פאַר דעם היי-ליקן ניקאָלאַי, און מאָרגן דריי אַ זייגער וועל איך שטעלן אַ ליכט פאַר דער הייליקער יונגפרוי. דו וועסט דערשפירן מיין זעל נעבן זיך.

איך דריק דיך צאַרט צו מיין האַרצן און קוש דיך און צערטל דיך אָן אַ שיעור. איך וואָלט דיר געוואָלט באַווייזן די גאַנצע אומענדלעכע ליבע מיינע צו דיר—דערוואַרעמען דיך, דערמונטערן, טרייסטן און שטאַרקן און מאַכן דיך מער זי-כער אין זיך. שלאָף גוט, מיין זונעלע, רעטער פון רוס-לאַנד! דערמאָן דיר די פאַרגאַנגענע נאַכט, ווי צאַרט מיר האָבן זיך צוגעטוליעט צו אייבאַנדער! איך וועל בענקען נאָך דיינע לאַסקעס—איך האָב זיי תמיד נישט גענוג. און דאָך האָב איך די קינדער און דו ביזט אַליין. אַ צווייט מאָל וועל איך דיר מיטגעבן בעבין אויף אַ קורצער צייט, ער זאָל דיר אויפמונ-

טערן. איך קוש דיך אָן אַ שיעור און בענטש דיך; זאָלן די הייליקע מלאכים אָפּהיטן דיין שלאָף. איך בין דיר נאָענט, איך בין אויף שטענדיק מיט דיר, און קיינער וועט אונז נישט צע-שיידן.

דיין ווייב „זונעלע"

צאַרסקאָיע סעלאָ, 23 אויגוסט 1915

אַלע מיינע רעיונות און תּפילות רינגלען דיך אַרום מיט דער צערטלעכסטער ליבע. ס'אַראַ מנוחה עס האָט אָנגעפּילט מיין האַרץ (הגם ס'איז שרעקלעך טרויעריק), בשעת איך האָב דיך געזען אַוועקפאָרן שטיל און רואיק. דיין געזיכט האָט גע-האַט אַזאַ פּרעכטיקן אויסדרוק, ווי דעמאָלט, ווען אונזער פריינט איז אַוועקגעפאָרן. נאָך דעמדאָזיקן מאָראַלישן נצחון וועט גאָט באמת בענטשן דיך און דיינע מעשים. ווי האָסטו געשלאָפן? איך האָב מיך באַלד אַריינגעלייגט אין בעט אַ טויט-מידע און זייער אַן איינזאַמע.

די טייערע מיידעלעך האָבן פאַרגעלייגט צו שלאָפן לויט דער ריי אין דעם דערבייאיקן צימער—מחמת איך בין גאָר אַליין אין דעמדאָזיקן שטאָק, אָבער איך האָב זיי געבעטן, זיי זאָלן דאָס נישט טאָן; איך בין שוין געוויינט דערצו, און מיר איז עס אַלצאיינס. איך פיל, אַז דו ביזט נאָענט, און איך בענטש און קוש דיין קישן. איך האָב געשלאָפן מיטלמעסיק. אַזאַ זוניקער פרימאָרגן—דורך מיידעלעך זיינען ניין אַ זייגער אַוועק אין קלויסטער, ווייל אָלגאַ און טאַטיאַנאַ ווילן אַרבעטן אין לאַזאַרעט ביז האַלב איינס. איך וואָלט געוואָלט וויסן די שטימונג פון די מענטשן, וואָס רינגלען דיך אַרום. דיין רואיקע

שטימונג געדאַרף זיך פאַרשפּרייטן אויך אויף זיי. איך האָב געהאַט אַ שמועס מיט נ. פּ. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל קיין שום אַכט נישט לייגן אויף וואָייקאָווס שטימונגען, וואָס בייטן זיך, אַ גאַנצן טאָג רוישן הייַנט די נמאַסדיקע צוגן, אָבער מיר שיינט, אַז דערדאָזיקער גערויש גייט פונם גרויסן נייעם קאַמין (דאָרט, וואו די עלעקטרישע מאַשין), מחמת עס רוישט שוין לאַנג אָן אַ הפסקה. עס קלינגען די גלעקער, איך האָב ליב דעמדאָזיקן קלאַנג, בשעת די פענסטער זיינען אָפן. איך וועל גיין עלף אַ זייגער, מחמת איצט איז דאָס האַרץ נישט פאַרגרעסערט, הגם עס טוט וויי און איך נעם איין טראָפּנס. איך פיל מיך אינגאַנצן צעקלאַפּט מיטן גוף און אַלץ טוט וויי.

עס איז אַזוי שטיל אויף דער נשמה נאָך דידאָזיקע אומרואיקע טעג און גאָט זאָל געבן, אַז דו זאָלסט זיך אויך אַזוי פילן. אויב עס וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט, מאָ גריס פון אונזערטוועגן נ. פּ., און גיב אים איבער די נייס פון אונז, מחמת איך דערליוב איצט נישט צייטווייליק אַניען צו טעלעגראַפירן, בפרט, ווי מען האָט זיך באַצויגן צו אונז אַזוי נישט ניחאדיק און אַניע פלעגט אים שטענדיק מיטטיילן וועגן מיין געזונט. איך פאַרהאָף, אַז דער אַלטער פרעד(עריקס) איז דאָך נישט אַזאַ gaga*) און וועט נישט בעטן דעם ראַנג פון אַ פעלדמאַרשאַל**), וואָס קאָן נישט געגעבן ווערן. דו פאַרגעס נישט זיך צוצוקומען פאַר יעדן שווערן געשפרעך און באַשלוס—דאָס קליינע קעמעלע***) וועט דיר ברייגען הילף. ציפילסטו זיך איצט נישט רואיק, וויבאַלד דו „האָסט גענומען גלויבן אין זיך"; דאָס איז נישט קיין גאוה אָדער באַרימעריי, נאָר דאָס איז געשיקט געוואָרן פון גאָט און ס'וועט דיר העלפן אין דער צוקונפט און וועט אויך די אַנדערע געבן כוחות צו

---

*) אריינגעפאַלן אין אַ קינדערשן שכל.

**) פאַרן גרויספירשט ניק. ניק.

***) ראַספּוטינס קעמעלע.

באַפעלן. איך האָב אָנגעזאָגט דעם אַלטן*), אַז איך ווייל איצט זיינען זען, און ער באַדאַרף אויסקלויבן אַ צייט.

נו, מיין ליבער, איך האָב נאָר־וואָס געזען דעם אַלטן ביי אַ האַלבע שעה צייט; ער האָט זיך אַזוי געפרייט מיט דער ידיעה, וואָס ער האָט באַקומען פון דיר און וואָס דו ביזט אַוועקגעפאָרן שטיל און רואיק; ער האָט אויך באַקומען אַ בריוו פון פרעדעריקסן (איך ווייס נישט, וואָס יענער האָט אים געשריבן) ער איז זייער אויפגערעגט און איז אין גרויס פחד פונם בריוו פון די מיניסטאָרן, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן, לויט זיינע ווערטער, פון סאַמאַרינען**). ער האָט גאָרנישט קיין ווערטער לגבי זייער אויפפירונג און ער רעדט אַלץ וועגן דעם, ווי עס איז אים שרעקלעך שווער צו זיין פאָרזיצער, ווייסנדיק, אַז זיי זיינען קעגן אים און זיינע אידייען, נאָר אַז אים וואָלט קיינמאָל נישט איינגעפאַלן זיך אָנצוזאָגן אין דימיסיע, וואָרום ער ווייס, אַז דו וואָלסט עס אַליין אים געזאָגט, ווען דאָס וואָלט געווען דיין פאַרלאַנג. מאָרגן באַדאַרף ער זיי זען, וועט ער זיי זאָגן, וואָס ער טראַכט וועגן דעמדאָזיקן בריוו, וואָס איז אַזוי פאַלש און ליגנעריש מיט זיין דערמאָנען „וועגן גאַנץ רוסלאַנד" און ד. גל. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל זיך אַרויסווייזן וואָס ענערגישער. פריער וועט ער נאָך איבעררעדן מיטן קריגסמיניסטער, כדי ער זאָל וויסן, וואָס דו האָסט אים געזאָגט. וועגן כוואָסטאָוון זאָגט ער, אַז מען דאַרף נישט בעסער. דאָס האָט ער גערעדט אין דומע קעגן דער רעגירונג און די דייטשן (ער איז אַ פלימעניק פונם יוסטיצ־מיניסטער). ער האַלט אים פאַר אַ trop léger. אין מאַנכע הינזיכטן איז ער מכתמא נישט זייער קיין זיכערער מענטש. ער וועט זיך נאָך באַדאַכטן וועגן מאַנכע נעמען, און ער וועט מיר

*) גאָרעמיקין.

**) עס האַנדלט זיך וועגן דעם באַוואוסטן קאָלעקטיוון בריוו פון עטלעכע מיניס־טאָרן, וואָס האָבן געראָטן דעם קיסר, ער זאָל נישט נעמען אויף זיך די העכסטע אָנפירונג.

צושיקן אָדער ברײנגען אַ רשימה פון מענטשן, וואָס וואָלטן זיך, לויט זיין מיינונג, געפּאַסט. ער האַלט, אַז שטשערבאַטאָוו קען נישט פאַרבלייבן. שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט נישט געקענט האַלטן אין האַנט די פּרעסע, באַווייזט, אַז ער איז נישט דער פּאַסנדיקער מענטש פאַר דעמדאָזיקן פּאָסטן. ער זאָגט, אַז ער וואָלט זיך גאָרנישט געחדושט, ווען שטש. און סאַזאָנאָוו וואָלטן געבעטן, מען זאָל זיי באַפרייען פון זייערע פּאָסטנס, אָבער זיי האָבן נישט קיין רעכט דערויף. סאַזאָנאָוו גייט אומעטום אַרום און וויינט (דער שוטה), און איך האָב געזאָגט, אַז איך בין זיכער, אַז אונזערע פאַרבינדעטע וועלן אויף דעם העכסטן גראַד אַפּראָבירן דיין האַנדלונג, מיט וואָס ער האָט אויך מסכים געווען.

איך האָב אים*) געזאָגט, ער זאָל אויף דאָס אַלץ קוקן, ווי אויף מיאַזמען, וואָס גייען פון פּעטערבורג און פון מאָסקווע, און אַז מען דאַרף זיי אַלעמען גוט דורכלופטערן, כדי זיי וואָלן קענען אַלץ זען מיט פרישע אויגן און נישט אויסהערן קיין אינטריגעס פון אינדערפרי ביז נאַכט. ער האָט געזאָגט, אַז די דומע קען נישט פאַנאַנדערגעלאָזט ווערן ביז סוף וואָך, מחמת זיי האָבן נישט פאַרענדיקט זייערע אַרבעטן—ער און די אַנדערע שרעקן זיך באַזונדערס דערפאַר, וואָס די לינקע קענען באַקומען די אויבערהאַנט אין דומע. האָב איך אים געבעטן, ער זאָל זיך נישט באַאומרואיקן דעריבער, וואָרום איך בין זיכער, אַז דאָס איז נישט ערנסט און ס'איז מסתמא בלויז ריידעריי, איידער עפּעס אַנדערש, און אַז זיי האָבן דיך געוואָלט אָנשרעקן, אָבער איצט, אַז דו האָסט אַרויסגעוויזן דיין אייגענעם שטאַרקן ווילן, וועלן זיי אַנטשוויגן ווערן. אפנים, אַז סאַזאָנאָוו האָט זיי נעכטן כון דאָסניי צונויפגערופן—די טפשים—און איך האָב זיי (אים?) געזאָגט, אַז אַלע מיניסטאָרן זייבען Des poltrons (**), און ער האָט צוגעשטימט, אָבער ער האַלט

---

*) דאָ ווערט נאָך אַלץ באַשריבן דער שמועס מיט גאָרעמיקינען.

**) פּחדנים.

אַז פּאָליוואַנאָוו וועט אַרבּעטן גוט. דער אָרעמער, ער האָט זיך, נעבּעך, שטאַרק מצער געווען, ווען ער האָט איבּערגעליייענט די אַלע אפּיקורסישע ווערטער פון די־יעניקע, וואָס האָבּן זיך אונ־טערגעשריבּן קעגן אים *), און מיר האָט עס אויך שטאַרק געקריינקט פאַר אים. ער רעדט אַזוי ריכטיג, אַז יעדער איינער מוז דיר ערלעך אַרויסזאָגן זיין מיינונג, אָבּער בשעת דו דריקסט אויס דיין פאַרלאַנג, באַדאַרפן אים אַלע דערפילן און בעת מעשה פאַרגעסן אין זייערע אייגענע פאַרלאַנגען. זיי זיינען אָבּער נישט מסכּים דערמיט, ווי דער אָרעמער סערגיי איז אויך נישט געווען איינשטימיק דערמיט.

איך האָבּ אים געפּרובּט אויפצעמונטערן, און מיר שיינט, אַז מיר איז עס קוים־קוים געלונגען, מחמת איך האָבּ אים באַ־וויזן, ווי דערדאָזיקער גערודער איז ווייניק ערנסט. דער געגנ־שטאַנד פון אונזער אויפמערקזאַמקייט און זאָרג מוזן איצט זיין בלויז די דייטשן מיט די עסטרייכער, און מער גאָר, און אַ גוטער אינערנמיניסטער וועט איינהאַלטן די אָרדנונג. ער זאָגט, אַז נאָך דיין רעדע און דער אויפנעמונג איז די שטימונג אין שטאָט אַ גוטע און עס איז רואיק—און אַזוי וועט עס אויך זיין. איך האָבּ אים איבּערגעגעבּן די ווערטער פון אונזער פריינט. ער האָט מיך געבּעטן, איך זאָל מיך זען מיט קרופּענסקין און אויסהערן זיין מיינונג וועגן דער דומע, מחמת ער קען אַלעמען. ביזטו מרוצה דערויף? אויבּ יאָ, וועל איך אומבּאַ־דינגט אַזוי טאָן, אָבּער אָן שום טומל און גערודער. טעלע־גראַפיר בלויז „מסכּים". איך האָבּ אים געזאָגט, אַז אויך אי־וואַנאָוו האָט דורך מיר געבּעטן, אַז דו זאָלסט קומען צופאָרן.

ער מיינט, אַז וואָס מער ענערגיע דו וועסט אַרויסווייזן, איז עס אַלץ בּעסער, און איך בּין אויך מסכּים דערמיט. און ער האָט אויך איינגעפונען פאַר גוט דאָס, וואָס דו וועסט אַרויסשיקן אויף די פאַבּריקן דיינע „באַאָבּאַכטער". אויבּ אַפילו די סוויטע פאַרשטייט נישט פיל, איז פונדעסטוועגן דאָך גוט

*) ד. ה. די מעלדונג פון די מיניסטאָרן.

צו ווייזן, אַז דו האָסט זיי געשיקט און אַז נישט בלויז די דומע גיט השגחה אויף אַלץ.

איך שרייב דיר איבער צוויי טעלעגראַמעס פון אונזער פ ר יי נ ט. אויב דיר וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט, טאָ באַווייז זיי נ. פ.—מען באַדאַרף אים מער אויפקלערן מכוח אונזער פריינט; מחמת אין שטאָט הערט ער ריידן צופיל געגן א י ם און דעריבער נעמט ער וויניקער אין אַכט זיינע טעלעגראַמעס. גאָרעמיקין האָט געפרעגט, צי וועסטו נאָך היינטיקע וואָך זיך אומקערן צוריק (פאַנאַנדערצעלאָזן די דומע). איך האָב אים געענטפערט, אַז דו קענסט דערוייל גאָרנישט זאָגן.

איצט, נשמהלע מיינס, מוז איך ענדיקן. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען, און דיר העלפן אין אַלעם, וואָס דו וועסט נאָר פאָרנעמען. איך קוש אָן אַ שיער אַלע טייערע ערטער.

אויף שטענדיק דיין איינגעטרויט און ש ט אָ ל ץ ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 25 אויגוסט 1915.

נשמהלע מיינס.

אַ דאַנק פאַר דער טייערער טעלעגראַמע, מיין ליבער. עס פרייט מיך, וואָס די מאָהיליעווער אומגעבונג איז שיין. גלעבאָוו האָט אַלעמאָל געזאָגט, אַז זי איז זייער שיין, אָבער דאָס איז נאַטירלעך, ווייל ער איז דאָרט געבוירן געוואָרן. דאָך מיין איך, אַז דו וועסט דיר אויסקלויבן אַ נאָענטערן אָרט, דו זאָלסט קענען שנעלער און לייכטער אַרומפאָרן. ווען קומען אָן מיינע בריוו? איך גיב זיי אָפּ אַכט אַ זייגער און כ און שטאָט גייען זיי אַרויס עלף אַ זייגער אין אָוונט. אומרואיק וואַרט איך

אויף דער מעלדונג וועגן דער ענדערונג. עס גיסט ווידעראַמאָל און ס׳איז גאָר פינסטער. בעבי האָט פאַרבראַכט די נאַכט נישט אַזוי גוט, האָט ווייניק געשלאָפן, אָבער דער ווייטיק איז געווען נישט זייער גרויס. אָלגע און טאַטיאַנע זיינען געזעסן מיט אים פון האַלב צוועלף ביז האַלב איינס און אים אונטערגעהאַלטן. אין די צייטונגען איז געשריבן געוואָרן וועגן דעם, אַז מען זאָל האָבן נעבן וואַרשע געפּאַקט צוויי מאַנסלייט און אַ פרוי, וואָס האָבן געוואָלט דערהרגענען ניקאָלאַשען—מען זאָגט אָבער, אַז סובאָרין האָט עס אויסגעטראַכט צוליב סענסאַציע*) (דער צענזאָר האָט געזאָגט א. (אַניען), אַז דאָס איז אַ קאַטשקע). מיט אַ חודש צוריק זיינען די פעטערבורגער רעדאַקטאָרן געווען אין דער הויפּטקוואַרטיר, און יאַנושקעוויטש האָט זיי געגעבן אינסטרוקציעס. דער קריגסצענזאָר, וואָס איז אונטערגעוואָרפן פראָלאָוון, האָט עס פאַרציילט אַניען. סאַמאַרין רעדט נאָך אַלץ, קענטיק, קעגן מיר, נאָך בעסער, וועט ער אויך אַריינפאַלן אינם גרוב, וואָס ער גראָבט פאַר מיר. דידאָזיקע זאַכן אַרן מיך נישט אויף אַ האָר און לאָזן מיך קאַלט, ווייל מיין געוויסן איז ריין און רוסלאַנד האַלט אויך נישט מיט דערדאָזיקער מיינונג; איך בין אָבער בייז דערפאַר, ווייל אומדירעקט רירט עס אָן אויך דיך. מיר וועלן זוכן אַן אַנדערן אויף זיין אָרט.

ווי געפעלט דיר די אַרבעט מיט אַלעקסייעוון? מיט אים מוז זיך אודאי אַרבעטן לייכט און שנעל. איך האָב נישט קיין באַזונדערע ידיעות, אָבער מעק האָט מיר מיטגעטיילט, אַז מיין צענטראַלער לאַגער (לוואָוו־קאָוונע) וועט מסתמא אין אַ פינף וואָכן אַרום זיך אַ רוק טאָן פון פראָסקוראָוו קיין פּאָלטאַווע. איך פאַרשטיי נישט, למאי זאָל מען עס טאָן און איך פאַרהאָף, אַז דאָס וועט נישט זיין קיין נויטווענדיקייט. מאַריס דאַמען**)

*) „אין נאָוו. ווּרעמיא״ איז וועגן דעם מיטגעטיילט געוואָרן פון צוריך.

**) די דאַמען פונם לאַזאַרעט אויפן נאָמען פון דער גרויספירסטין מאַריע ניקאָלאַיעוונע.

פרעגן אָן פון זשיטאָמיר, צי מען וועט עוואַקואירטן דידאָזיקע שטאָט, אין וועלכער מען באַדאַרף איבערטראָגן מאַריס לאַזאַ־רעט–מיר שיינט אָבער, אַז דאָס איז נאָך צופרי צו באַשליסן. וואָס פאַר אַ טרויריטע ידיעה–מאָלאָסטוואָוס טויט; איך האָב געהערט, אַז דו האָסט באַשטימט וועליעפאָלסקין פאַר דיין אַדיוטאַנט,, מסתמא האָט וואָייקאָוו געבעטן פאַר אים; וועל. איז נישט זייער קיין סימפאַטישער מענטש און איז אַזאַ „סאַלאָן־טיפ"; דאָס געזונט האָט אים מסתמא געצוואונגען צו פאַרלאָזן דעם פאָלק, וויבאַלד אַז דו נעמסט אים אַלס אַדיוטאַנט. אָבער די סוויטע באַדאַרף דאָך נישט זיין קיין אָרט פאַר חשו(בע) אָפעק(ונעס), וואו מען שטופט אַריין מענטשן. איך האָב, ליי־דער, אויך געבעטן פאַר מיין מאַסלאָוון, אָבער דער האָט דאָך געקאָמאַנדעוועט מיט אַ פאָלק עטלעכע חדשים צייט אויפן פראָנט. וועל. (וועליעפאָלסקי) איז דער געליבטער פון אָלגע אָ... (ס׳ איז אַ גרויסער סוד, צוליב אים האָט זי מיט עטלע־כע יאָר צוריק געמוזט מאַכן אַן אַבאָרט). נאָכדעם איז ער גע־ווען צו איר נישט זייער ליב; דאָס איז נישט אַזאַ וויכטיקער פאַרשוין, אָבער ער איז וואָייקאָווס אַ פריינט- מסתמא אַ גוטער אָפיציר.

שוין זשע איז עס נישט קיין מאוסע עולה, וואָס עמעץ האָט שוין ווידעראַמאָל געוואָלט שאָדן נ. פ. זאָג טאַקע בעסער פ ר ע ד., מען זאָל מעלדן אין דער פרעסע (נייט אָפיציעל און נישט אין זיין נאָמען), אַז קיין פ אַ ר ט ר ע ט ע ר*) וועט נישט זיין, מחמת דו האָסט אַ גרויסע קאַנצעלאַריע און דר(ענטעלן, און ק י ר אַ**) פאַרבלייבן. איך בין זיכער, אַז דאָס שטאַמט פון דעם אייגענעם מקור, ווי די דעמאָלטיקע געשיכטע מיט דער טעלעגראַמע אין דער הויפטקוואַרטיר. איך האָב עס אַזוי צוגעפעסטיקט, כדי דו זאָלסט עס קענען באַווייזן וואָייקאָוון,

---

*) אָנשטאָט אָרלאָוון.

**) נאַרישקין.

מען זאָל עס קענען לייכטער אַרויסנעמען...*).

מען דאַרף נאָר געבן צו פאַרשטיין דעם קריגסצענזאָר וואַסיריאָנאָוו, וואָס צו שרייבן, וואָרום ער איז דער הויפּטצענזאָר איבער פראָ(לאָוו) און איז אַ גוטער מענטש. ווי איך באַאומרואיק מיך, וואָס עס איז נאָך נישטאָ קיין טעלעגראַמע; איך קען מיר גאָרנישט פאָרשטעלן, פאַרוואָס איז נאָך אָפיציעל נישט געמאָלדן געוואָרן וועגן דער ענדערונג. דאָס וואָלט דאָך אויפגעקלערט און אויפגעמונטערט די מוחות און וואָלט שנעלער געענדערט דעם געדאַנקענגאַנג אין דער דומע. איך מיין, אַז מער ווי היינט וועט שוין נישט אויסקומען צו וואַרטן, מחמת ב. (ניקאָלאַשע) פאָרט היינט אַוועק. אָבער דיין נעכטיקע טעלעגראַמע איז ווידעראַמאָל דאַטירט געוואָרן פון דער הויפּטקוואַרטיר. זונטיק אין אָוונט איז געווען „צאַרישע הויפּטקוואַרטיר”—דאָס קלינגט אַזוי שיין און זאָגט צו אַ סך. פון מאָרגן אָן הויבט זיך אָן דער פּאָסט, האָט מען באַדאַרפט פריער מעלדן און פאַראָרדנען וועגן די ת פ י ל ו ת. עס איז אַ פעלער, וואָס אַלץ פאַלט אַריין אין איין קופּע, מען האָט עס באַדאַרפט פריער טאָן, אַנטשולדיק מיר, וואָס איך רייד מיט אַזאַ לשון. ווער האָט דיך ווידעראַמאָל געבעטן, דו זאָלסט אָפּלייגן די אָפיציעלע מעלדונג? מען האָט נישט ריכטיק געהאַנדלט—קיין שאָדן איז נישטאָ דערין, וואָס נ. (ניקאָלאַשע) איז איצט דאָרט, מחמת עס וועט באַקאַנט ווערן, אַז דו האָסט שוין אָנגעהויבן די אַרבעט מיט אַלעקסייעוון. דאָס איז געווען אַ שלעכטע עצה!—זי באַוויייזט, אַז אַ געוויסע פּאַרטיי שטעלט זיך פיינטלעך קעגן דערדאָזיקער באַשטימונג. וואָס שנעלער דאָס וועט באַקאַנט ווערן אָפיציעל, אַלץ גיכער וועלן זיך אַלע איינרואיקן. דאָס וואַרטן אויף ידיעות, וואָס קומען אַלץ נישט, דענערווירט אַלעמען, אַזאַ לאַגע איז אַלעמאָל אַ שלעכטע און אַ פאַלשע, און נאָר אַזוינע פּחדנים, ווי וואָייקאָוו און פרעד., האָבן דיר עס גע-

---

*) עס האַנדלט זיך, קענטיק, וועגן אַן אויסצוג פון אַ צייטונג.

קענט פאַרליינען. תּחילת טראַכטן זיי פון נ. (ניקאָלאַשען) און נאָכדעם ערשט פון דיר. מען דאַרף עס נישט האַלטן בסוד, קיינער טראַכט נישט פון די אַרמייען, וואָס לעכצן אַזוי נאָך גוטע ידיעות. איך זע, אַז איז דער הויפּטקוואַרטיר נויטיקט מען זיך אין מיינע שוואַרצע הויזן*), דאָס איז זייער העסלעך, אידיאָטן! און עס וואָלט דאָך אַזוי גוט געווען—תּחילת פייער־לעכקייטן פול מיט שמחה, נאָכדעם—פאָסט און תּפילות פאַר דיינע נצחונות, אָבער אָט איז שוין דינסטיק—און גאָרנישט. פון פאַר־צווייפלונג האָב איך היינט אינדערפרי דעפּעשירט, אָבער איך האָב נישט באַקומען קיין ענטפער, און אָט איז שוין זיבן אַ זייגער.

זיי געזונט, מיין אוצר, איך בענטש דיך און קוש דיך אָן אַ שיער, אויף שטענדיק דיין אייגן אַלט ווייבעלע, מיין ניק.

צארסקאָיע סעלאָ, 28 אויגוסט 1519.

מיין געליבטער.

איך האָב נאָר-וואָס געזען דעם אַלטן**). ער מוז זיך מיט דיר זען און מאָרגן פאָרט ער אַרויס. ער האָט אַלץ גע־טראַכט מכּוח אַן אינערן־מיניסטער, אָבער ער געפינט נישט קיין פּאַסיקן מענטשן, אויסער ניידגאַרדטן***) פון טאַטיאַנעס קאָמיטעט.

---

*) זע די פריערדיקע בריוו.

**) גאָרעמיקין.

***) געוועזענער אדעסער גראדאָנאַטשאַלניק, באַקאַנטער נאַג־אָמטשיק.

איך מיין אויך, אַז עס וואָלט זיך געטויגט (דער פּאַפּאַ טאַ־נייעוו האָב אים אויך אָנגערופן). ער איז אַ גוטער אַרבעטער און האָט עס איצט באַוויזן. ער איז אַ מענטש, וואָס קען איינ־אָרדנען אַ זאַך און אַן ענערגישער. זיין „מאַיעסטעטישקייט" קען ווירקן אויף דער דומע. אגב קענסטו אים גוט, קענסט מיט אים ריידן ווי דו ווילסט און באַדאַרפסט זיך נישט מיט אים se gener *). איך פאַרהאָף, אַז ער האָט נישט קיין שייכות צו דער קאָמפּאַניע דזשונק (אָווסקי)־ דרענ (טעלן). מיר שיינט, אַז ער וואָלט געהאַלטן די איבעריקע מיניסטאָרן אין דער האַנט און אַזויאַרום פאַרהאָלפן דעם אַלטן. ער**) האַלט כמעט פאַר אוממעגלעך צו אַרבעטן מיט מיניסטאָרן, וואָס זיינען נישט איינשטימיק מיט אים, אָבער מיר מיינען, אַז איצט טאָר ער זיך נישט אָנגעבן אין דימיסיע, ווייל זיי***) ווילן עס טאַקע, און אויב מען וועט זיי איינמאָל נאָכגעבן, וועלן זיי ווערן נאָך ערגער. אויב דו ווילסט, טאָ טו עס מיט דער אייגע־נער איניציאַטיוו עטוואָס שפּעטער. דו ביזט אַן אַלייינ־הערשער, און זיי טאָרן דאָס נישט פאַרגעסן. ער איז גרייט צו פאַרמאַכן די דומע, אָבער זונטיק איז יום־טוב, איז גליי־כער דינסטיק, און ביז דער צייט וועט ער זיך זען מיט דיר. די מיניסטאָרן זיינען אויסוואורפן, ערגער ווי די דומע: (זיי פאַרציילן) שענדלעכע זאַכן וועגן דער צענזור און דערלויבן צו דרוקן יעדע נאַרישקייט. ער זאָגט אויך, אַז די צוויי אַטענ־טאַטן אויף ניקאָלאַשן זיינען קאַטשקעס. ער האַלט, אַז מען טאָר נישט איבערלאָזן שטשערבאַטאָוון אויף זיין פּאָסטן, מען מוז אים בייטן. איך מיין, אַז מען קען זיך אָנטרויען נייד־גאַרדטן—זיין עטוואָס דייטשישע פאַמיליע האָט, מיין איך, קיין שום באַדייטונג נישט, ווייל אומעטום לויבט מען אים צוליב

---

*) צערעמאָניען.

**) גארעמיקין.

***) די דומע.

(זיין טעטיקייט) אין טאַטיאַנעס קאָמיטעט. (*Cons-de l'Emp
קען פאַרענדיקן מיט דער פראַגע וועגן די היימלאָזע. דעם
ליבן אַלטן גאָרעמ(יקינען) איז נויטיק זיך צו זען מיט דיר,
ער איז אַזאַ וואוילער מענטש. איך בין נאָר־וואָס געקומען פון
דעם געמיינזאַמען ודוי–זייער אַ רירנדיק בילד, וואָס נעמט אָן
ביים האַרץ און אַלע האָבן אַזוי פלייסיק מתפלל געווען פאַר
דיר. איך מוז באַלד אַוועקשיקן דעם בריוו. איך בענטש און
קוש דיך אָן אַ שיעור און בעט כסדר צו גאָט פאַר דיר; אין
דידאָזיקע טעג שפיר איך אַזאַ שמחה אין דער נשמה; איך פיל,
אַז גאָט איז נאָענט פון דיר, נשמהלע מיינס.
אויף שטענדיק דיין אייגן ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 2 סעפּטעמבער 1915.

מיין טייערער ניקי.

עס איז גרוי און טריב, און איך שרייב דיר פאַרן שיין פון אַ לאָמפּ. איך האָב שלעכט געשלאָפן. אַדורכגעקוקט די צייטונגען: וואָס פאַר אַ שרעקלעכע אויפגאַבע פאַר אונזערע אַרמייען, וויפיל כּוחות ס'איז קאָנצענטרירט געוואָרן קעגן זיי! אָבער גאָט וועט העלפן. ביים לייענען איז אָנגענעם זיך אײַ־בערצוציִיגן, אויף וויפיל די ידיעות ווערן איצט דייטלעכער געשריבן–יעדער איז איבערראַשט דערפון. איצט קען מען אַלץ לייכטער פאַרשטיין, צי וועט די דומע פאַרמאַכט ווערן? יעדן

*) דער מלוכה־ראַט.

טאָן ווייזן זיך אַרטיקלען, אין וועלכע עס ווערט געזאָגט, אַז מען קען זי איצט נישט פאַנאַנדערלאָזן, בשעת זי איז אַזוי בויטיק און ד. גל. איבעריקנס, זעסטו אויך צייטונגען. נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק האָט מען זי באַדאַרפט צומאַכן*).

זיי האַלטן נאָך אַלץ אין רודפן די דייטשע פאַמיליעס; שטשערבאַטאָוו, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך פירן מיט יושר און וועט זיי נישט טאָן קיין שלעכטס, בויגט זיך איצט פאַר די וואונטשן פון דער דומע און באַזייטיקט אַלע דייטשע נעמען. דער אָרעמער הילכען איז אין דריי מאָל אַרויסגעטריבן געוואָרן פון בעסאַראַביע. ער איז געקומען צו דער אַלטער מאַדאַם אָרלאָוו און געוויינט. ער (שטשערבאַטאָוו) איז באמת אַ משוגענער פּחדן. דידאָזיקע אַלע ערלעכע מענטשן, און דערביי עכט־רוסישע, ווערן אַרויסגעיאָגט. למאי האָסטו, נשמהלע מיינס, געגעבן דיין הסכם דערויף?

דו בייט אים (שטשערבאַטאָוון) שנעלער, וואָרום מיר וועלן נאָר דערווערבן שונאים אָנשטאָט לאָיאַלע אונטערטאַנען. די אַלע נאַרישקייטן, וואָס ער מאַכט אין אַ טאָג, וועלן נאָכ־דעם פאָדערן פון דיר עטלעכע יאָר זיי אויסצובעסערן.

די פרעסע באַדאַרף מען נעמען גוט אין דער האַנט אַריין — זיי זיינען זיך מכין אינגיכן אַרויסצוטרעטן קעגן אַניען, דאָס הייסט דאָך ווידעראַמאָל קעגן מיר. אונזער פריינט איז דאָך אויך געווען פאַר מיר — דעריבער האָט אַניע היינט אַוועק־געשיקט דעם בריוו, וואָס זי האָט באַקומען, צו וואָייקאָוון און אים געבעטן, ער זאָל זען ווירקן אויף פראָלאָוון**), אַז יענער זאָל לחלוטין פאַרווערן צו שרייבן וועגן אונזער פריינט און וועגן אַניען. אויף זייער זייט איז איצט די מיליטערישע מאַכט און זיי קענען עס לייכט טאָן, וואָייקאָוו באַדאַרף עס נעמען

*) דורך אַ העכסטן באַפעל פון 3־טן סעפּטעמבער איז די סעסיע פון דער דומע און פון מלוכה־ראַט איבערגעריסן געוואָרן ביז נאָוועמבער.

**) דער געהילף פונם קריגסצעגנזאָר.

אויף זיך, דיין נאָמען טאָר נישט דערמאָנט ווערן. וואָרום באַדאַרף באַשיצן אונזער לעבן אויף זיין פאָסט און פאַרהיטן פון אַלץ, וואָס קען אונז שאַדן, און דידאָזיקע אַרטיקלען זיינען געווענדט קעגן אונז. נישטאָ וואָס מורא צו האָבן, מען דאַרף נאָר אָננעמען זייער ענערגישע מיטלען. דו האָסט אַרויסגעוויזן דיין ווילן, טאָר מען זיך בשום אופן נישט וואַקלען; קוים האָט מען אָנגעהויבן, איז לייכט פאַרטצוזעצן.

אונזער פ ר י נ ט איז זייער פאַרצווייפלט, וואָס זיין זון מוז גיין אויף דער מלחמה — אַן איינציקער זון, וואָס האָט אַלטונג געגעבן אויף אַלץ, בשעת דער פ אָ ט ע ר איז נישט געווען אינדערהיים.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 2 סעפּטעמבער 1915

מיין געליבטער.

אַזאַ פּרעכטיקער זוניקער פרימאָרגן, ביידע פענסטער זיינען די גאַנצע נאַכט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט און איצט אויך. איך האָב איצט נייעם טינט, דער פריערדיקער, וואָס איז נישט געווען קיין רוסישער, האָט זיך געענדיקט. איך האָב שטענדיק גרויס פאַרדראָס, ווען איך זע, ווי שלעכט עס איז דאָס, וואָס ווערט דאָ אויסגעאַרבעט; אַלץ קומט פון אויסלאַנד, די סאַמע פשוטע זאַכן, ווי, אַ שטייגער, טשוועקעס, וואָל צום שטריקן, מעטאַלישע שפּילקעס צום שטריקן און פאַרשידענע נויטיקע זאַכן. גאָט זאָל געבן מען זאָל נאָכדעם, ווי עס וועט זיך ענדיקן די דאָזיקע שרעקלעכע מלחמה, קענען קומען דערצו, אַז די

פאַבריקן זאָלן אויסאַרבעטן פוטערוואַרג—אַליין באַארבעטן דעם פוטער. אַזאַ גרויס לאַנד און איז אָפּהייגיק פון די אַנדערע לענדער! דער יונגער דערפעלדען (אַ ברודער פונם דיר באַ־קאַנטן גוואַרדייער), פּאַוולט אַן איידעם*) איז געקומען צופאָרן מיט קויפמאַנען. ער זאָגט, אַז די האַרמאַטנקוילן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן פון פראַנקרייך, האָבן נישט געהאַט קיין שליסל אַזוי, אַז זיי טויגן נישט און מען מוז זיי ערשט דאָ ברייגגען אין אָרדנונג, און דאָס וועט קאָסטן אַ סך צייט; די פּראָנצויזן זאָגן, אַז מיר באַדאַרפן עס מאַכן. דער יונגערמאַן (דערפעל־דען) האָט וועגן דעם דעפעשירט קיין פראַנקרייך און האָט באַקומען פון דאָרט אַזאַ ענטפער. סאַנדראָ*) האָט אָנגעשריבן אָלגען אַזאַ צופרידענעם בריוו נאָכדעם, ווי ער האָט דיך גע־זען ביי דעם ערשטן באַריכט. מיר שיינט, אַז לכתחילה האָט ער זיך זייער באַאומרואיקט און איז געווען קעגן דעם, אַז דו זאָלסט נעמען אויף זיך די הויפּטאָנפירונג מיט די אַרמייען, איצט אָבער קוקט ער דערויף מיט אַנדערע אויגן. נ. פ. האָט אָנגעשריבן אַניען זייער אַ גוטן בריוו; ס׳איז געווען אָנגענעם צו זען, ווי ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען, ווייל ער איז אויך אָנ־געשראָקן געווען, הגם ער האָט ביז אַהער געשוויגן וועגן דעם. ווי ער אַנטציקט זיך דערמיט, וואָס דו ביזט געגאַנגען קעגן אַלעמען, און איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דו האָסט גע־האַנדלט קלוג און ריכטיק, און ער איז פון דאָסניי אויפגעמונ־טערט געוואָרן. דאָס בעסטע איז, נאַטירלעך, זיין וואָס ווייטער פון פּ. (פּעטערבורג) און מאָסקווע־פרישע לופט, אַן אַנדער סביבה, קיין שום געמיינע אינטריגעס. אין שטאָט שמועס מען, אַז דו קומסט אויף שבת? מיר פאָרן אין שטאָט (דער אַראָ־פּלאַן פליט דאָס ערשטע מאָל אַדורך הייגט אינדערפרי)—איך וויל זען אונזערע אָרעמע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון דייטשלאַנד, נאָכדעם, פיר אַ זייגער, וועלן מיר טרינקען

---

*) גרויספירשט אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוויטש.

טיי אויפן י ע ל אַ ג י ן. מען זאָגט, אַז פּאַוול גייט נישט אַרויס און געפינט זיך אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. זיין זון פּאָרט אַוועק און ער (פּאַוול) באַגערט נאָר צו זיין מיט דיר אָדער אין דער אַרמיי; איצט שרעקט ער זיך, אַז דו וועסט שיקן נאָך אים אַקוראַט דעמאָלט, ווען ער וועט זיך פילן קראַנק, און זיין שטימונג איז זייער אַ דערשלאָגענע. איך וועל אַריינ־גיין צו אים און וועל אים טרייסטן, אָבער איך וואָלט געוואָלט האָבן עפּעס אַן ענטפער פאַר אים. בעביס בילדער, וואָס גאַן*) האָט געמאַכט, זיינען נישט געלונגען; דערדאָזיקער אידיאָט האָט אים פאָטאָגראַפירט, ווי ער זיצט אויפן באַלקאָן, פונקט ווי דער פוס וואָלט אים וויי געטאָן. איך האָב פאַרווערט צו פאַרקויפן דידאָזיקע בילדער און וועל אים לאָזן ווידעראַמאָל פאָטאָגראַ־פירן. מיין פייגעלע, ווידעראַמאָל גוטע ידיעות, גאָט צו דאַנ-קען. איין שרעקלעך פאַרעקשנטער קאַמף, זיי רוקן זיך פאָרויס, אָבער זיי זיינען געצוואונגען תמיד אָפּצוטרעטן. איצט ווילן די דומע-לייט זיך פאַרזאַמלען אין מאָסקווע און דאָרט וועגן אַלץ דעבאַטירן, וויבאַלד אַז דאָ קענען זיי עס נישט. מען מוז עס אָבער שטרייננג פאַרווערן, וואָרום דאָס קען נאָר דערפירן צו גרויסע מהומות. אויב זיי וועלן עס טאָן, באַדאַרף מען זיי זאָגן, אַז אַזויאַרום וועט די דומע צונויפגערופן ווערן אַ סך שפּעטער; מען באַדאַרף זיי אָנשרעקן, ווי זיי סטאַרען זיך אָנ-צושרעקן די מיניסטאָרן און די רעגירונג. אין מאָסקווע וועט נאָך זיין ערגער ווי דאָ, מען מוז זיין שטרענג. אַך, שוין זשע קען מען נישט אויפהענגען גוטשקאָוון ? ! דו קענסט זיך גאָר־נישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ פריידיקער סורפּריז דאָס איז—צו באַקומען פון דיר דיין טייערן בריוו. איך פאַרשטיי אויסגע-צייכנט, ווי דיר איז שווער צו געפינען אַ פרייע מינוט צום שרייבן, און דעריבער רירט עס מיך טיף, מיין טייערער. דאָס איז דער נאָמען—פ י ל ץ !**)-שוואָמען איז דאָך, לפּחות, אָנגענעם

---

*) דער הויף־פאָטאָגראַף.

**) פילץ (פילץ איז אויף דייטש אַ שוואָם); שפּעטער געהילפסמיניסטער און גענעראַל-גובערנאַטאָר אין סיבי

צו עסן. איצט פאַרשטיי איך, אַז דו האַלסט מאָהיליעוו פאַר אַ באַקוועמען פונקט און אַז דאָרט באַאומרואיקט מען דיך נישט. איך האָב נאָר־וואָס באַקומען דיין טעלעגראַמע, גאָט צו דאַנקען, די ידיעות זיינען אין אַלגעמיין בעסער; דו פילסט אָבער אַזאַ אומרואיקייט צוליב דעם, וואָס זיי ווילן אָפּשניידן ווילנע; אָבער עס קען דאָך זיין, אַז מיר זאָלן זיי אַריינפּאַקן אין זאַק אַריין. און נאָכדעם באַראַנאָוויטש—ס׳איז עפּעס מאָדנע צו טראַכטן איצט וועגן דעמדאָזיקן אָרט. דאָרט האַלטן אויך די מיליטער־לייט, אַז אין אַ צוויי וואָכן אַרום וועט זיין בעסער. קניאַזשעוויטש מיינט, אַז מען וואָלט געקענט פאַרקלענערן די פאַרלוסטן, ווען מען זאָל אַרויסווייזן מער קונסט, אַזוי, אַז דאָרט, וואו עס ווערט געשאָסן פון שווערע האַרמאַטן, באַדאַרף מען זיך שנעל אַ רוק טאָן אינווייניק, הינטער דער באַשיסונגס־ליניע: דער צילפונקט איז ביים שונא אויסגערעכנט אויף אַ ווייטן שטח און ער קען אים געשווינט נישט ענדערן. די דייטשע אַרמייען געהערן איצט צו אַ סך אַן ערגערער קאַטעגאָריע. מיר האָבן נאָר־וואָס באַגעגנט אַ צוג, וואס איז אַוועק, און די סאָלדאַטן האָבן אונז געפּאָכט מיט די היטלען און מיר האָבן זיי געפּאָכט. דידאָזיקע גרויסע פאַרלוסטן זיינען שווער, אָבער ביי זיי (ביי די דייטשן) איז נאָך ערגער. געוויס ביזטו דאָרט נויטיקער, ווי דאָ, און די מוטער פאַרשטייט עס זייער גוט. עס איז גוט, וואָס דו שפּאַצירסט בייטאָג, מיר האָבן היינט געהאַט אַ וואונדערלעך וועטער, גאָר ווי זומער. איך מיט אַניען זיינען געפאָרן אין אונזער עקיפּאַזש אויפן בית־עולם: איך האָב געוואָלט אַרויפלייגן בלומען אויפן קבר פון די גרוזינישע אָפיצירן, וואָס זיינען געשטאָרבן מיט זעקס חדשים צוריק אינם גרויסן פּאַלאַץ. נאָכדעם האָב איך זי צוגעפירט צו אָרלאָווס קבר, וועלכן זי האָט נישט באַזוכט זינט מיט איר איז געשען דאָס אומגליק*).

---

*) גענעראַל אָרלאָוו, האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין אכזריות ביים איינשטילן די מהומות אין באַלטישן קאַנט אין יאָר 1905; געשטאָרבן פון שווינדזוכט.

נאָכדעם בין איך געווען אין זנאַמעניע־קלויסטער, וואו איך האָב אויסגעהערט אַ האַלבע תפילה און נאָכדעם—אין לאַזאַרעט, וואו איך בין געזעסן מיט פאַרוואונדעטע. געפרישטיקט האָבן מיר אויפן באַלקאָן, און נאָכדעם האָט מען בעבין געפאָטאָגראַפירט אויף דער לאָנקע. נאָכדעם זיינען מיר האַלב דריי אַ זייגער געפאָרן אין שטאָט אַריין, אין יעלענע פּאַוולאָוונעס קליניק, וואו מיר האָבן געוואָלט זען אונזערע געפאַנגענע פון דייטש־לאַנד און עסטרייך—די לעצטע זיינען געקומען אין משך פון דעמדאָזיקן חודש. דיין מוטער איז דאָרט היינט אינדערפרי געווען. מיר האָבן געזען עטלעכע הונדערט און פערציק פון אַן אַנדער לאַזאַרעט, אָבער דיין מוטער האָט זיי נישט געזען, ווייל זיי האָבן שרעקלעך געוויינט. אין אַלגעמיין האָבן זיי אויסגעזען זייער שלעכט: פאַראַן עטלעכע בלינדע, אַ סך אָן הענט און אָן פיס, איינער מיט גאַלאָפּירנדיקער שווינדזוכט, און — — סאַראַ שמחה, וואָס זיי האָבן זיך אומגעקערט צוריק. איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך וועל דיר שרייבן, אַז איך האָב זיי געזען.

איך טראַכט פון דיר כסדר, מיין מלאך און בעט צו גאָט פאַר דיר מיטן האַרץ און מיט דער נשמה און איך ביינק נאָך דיר מער, ווי איך קען עס אַרויסזאָגן, אָבער איך בין גליק־לעך, וואָס דו ביזט דאָרט און וואָס איך ווייס, ענדלעך, אַלץ. איצט זיי געזונט, נשמהלע מיינס, דער מענטש דאַרף אַרויס־פאָרן. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען. איך קוש יעדעס טייערע ערטעלע און נאָך און נאָך, און האַלט דיך שטאַרק אין מיינע אָרעמס.

אויף שטענדיק דיין אייגן ווייבעלע

אַליסאַ.

---

אין וויטעס „זכרונות" ווערט דערמאָנט וועגן די „אויסטערליטע" באַציונגען צווישן דער קייזערין, פרוי ווירובאָוו און גענ. אָרלאָוו.

באַרסקאָיע סעלאָ, 7 סעפּטעמבער 1915.

מיין טייערער מאַנעלע.

.

קאַלט, ווינטיק, רעגנדיק. זאָל נאָר גאָט געבן, אַז דאָס זאָל קאַליע מאַכן די וועגן. איך האָב אַדורכגעלייענט אַלע צייטונגען—קיין וואָרט נישטאָ וועגן דעם, אַז מיר האָבן פאַרלאָזט ווילנע. ווידעראַמאָל אַ צעמישעניש, דאָ אַן ערפאָלג און דאָ אַ מפּלה; אַנדערש אָבער קען עס נישט זיין, און מיר פרייען זיך מיטן קלענסטן ערפאָלג. איך טראַכט גאָרנישט, אַז די דייטשן זאָלן וועלן זיך אַ רוק טאָן אַ היבש ביסל ווייטער; עס וואָלט געווען אַ משוגעת אַריינצודרינגען טיפער אין לאַנד, וואָרום סוף־כל־סוף וועט דאָך מוזן קומען אונזער ריי. צי ווערן פינקטלעך דערהאַלטן די קוילן, ביקסן? צי וועסטו שיקן מענטשן פון דיין סוויטע זיי זאָלן נאָכקוקן און קאָנטראָלירן? דיין אָרעם ליב קעפּעלע מוז זיין שרעקלעך אויסגעמאַטערט פון אָט דער גאַנצער אַרבעט און דערעיקרשט פון די אינערלעכע פראַגן. נו, איך וויל דאָ רעזומירן, וואָס דער אַלטער*) האָט געזאָגט: מען באַדאַרף אַ טראַכט טאָן וועגן אַ נייעם אינערנמיניסטער (איך האָב אים געזאָגט, אַז דו האָסט זיך נאָך נישט אָפּגעשטעלט אויף ביידגאַרדטן, בשעת דו וועסט זיך צוריקקערן, וועסטו זיך נאָך אפשר מישב זיין וועגן כוואָסטאָוון); וועגן אַ מיניסטער,

---

*) גאָרעמיקין

וואָס זאָל פאַרטרעטן סאַזאָנאָוון–דערדאָזיקער איז, לויט זיין מיי־נונג, גאָר אַן אוממעגלעכער–ער האָט פאַרלאָרן דעם קאָפּ, שרייט און אַגיטירט געגן גאָרעמיקינען און–צולעצט–צי האָסטו בדעה צו דערהאַלטן דעם לעצטן אָדער נישט? געוויס, אַזאַ מיניסטער, וואָס זאָל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דומע, ווי זיי ווילן עס, באַדאַרף מען נישט–מיר זיינען נאָך נישט רייף דערצו; דאָס וואָלט געווען אַ טויט פאַר רוסלאַנד–מיר זיינען נישט קיין קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה און מיר טאָרן עס נישט זיין. אונ־זער פאָלק איז נאָך נישט צוגעגרייט דערצו, און, גאָט צו דאַנ־קען, אונזער מלך איז אַן אַליינהערשער און ער באַדאַרף זיך פעסט האַלטן דערין, ווי דו טוסט עס טאַקע. דו באַדאַרפסט אָבער אַרויסווייזן מער כוח און אַנטשלאָסנקייט. איך וואָלט באַלד משלח געווען סאַמאַרינען און קריוואָשייאינען. דער לעצ־טער איז זייער נישט געפעלן דעם אַלטן און ער קוקט דאָ רעכטס און דאָ לינקס און איז געוואַלטיק אויפגערעגט.

גאָרעמ(יקין) פאַרהאָפט, אַז דו וועסט ראָדזיאַנקאָן*) נישט אויפנעמען (ווען מען וואָלט עס געקענט האָבן אַן אַנדערן אָנ־שטאָט אים: אַן ענערגישער גוטער מענטש אויף זיין אָרט וואָלט געקענט האַלטן די דומע אין אָרדנונג). דער אָרעמער זקן איז געקומען צו מיר, ווי צו אַ „soutien" **) און אויך דערפאַר, ווייל איך בין, לויט זיין מיינונג, „l'energie". מיר שיינט, אַז עס איז אַ סך גלייכער אָפּצולאָזן די־יעניקע מיניסטאָרן, וואָס שטרייקן און נישט צו בייטן דעם פאָרזיצער, מחמת ער קען נאָך זייער גוט אַרבעטן מיט אָנשטענדיקע, ענערגישע און זי־

*) עס ווערט דאָ געמיינט דער באַריכט וועגן די אַרבעטן און שטימונגען פון דער דומע, וועלכן דער פאָרזיצער ראָדזיאַנקאָ האָט באַדאַרפט צושטעלן דעם קיסר לויט דער פריוואַטער באַראַטונג פון די דומע-דעפוטאַטן. אין עטלעכע טעג אַרום איז גע־מאָלדן געוואָרן אין די צייטונגען, אַז דער פאָרזיצער וועט איבערגעבן דעמדאָזיקן באַ־ריכט אין אַ שריפטלעכער פאָרם.

**) הילף, שטיצע.

כּערע געהילפן. ער לעבט און אַרבעט בלויז צוליב דיר און דיין מלוכה, און ער ווייס, אַז די טעג זיינען אים געציילט און ער שרעקט זיך נישט פאַרן טויט פון עלטער אָדער פון אַ מעסער, אָדער פון אַ קול, אָבער גאָט און די הייליקע יונגפרוי וועלן אים באַשיצן. אונזער פ ר יי נ ט האָט אים געוואָלט שיקן אַ באַוויליקונגס־טעלעגראַמע. מ אַ ר ק אָ ז אָ ו—ניין, איך מוז פריער ענדיקן וועגן גאָרעמ(יקינען). ער בעט, דו זאָלסט אַ טראַכט טאָן וועגן עמעצן פאַר מאָסקווע און, אויסערדעם, באַפעלן מראָזאָווי־סקין, ער זאָל גיכער אַרויספאָרן, מחמת דידאָזיקע צוזאַמענפאָרן קענען ווערן זייער רוישיק, און דאָס אויג און דאָס קול פונם אינערנמיניסטער וואָלטן דעריבער באַדאַרפט דאָרטן זיין. און דאָס איז אויך לויטן געזעץ, ווייל די שטאָט מאָסקווע איז אונ־טערגעוואָרפן דעם אינערנמיניסטער. ווי ער זאָגט, טויג זיך נישט נעראַטאָוו*) אויף סאַזאָנאָווס אָרט (איך דערמאָן דיר נאָר פאַרבייגייענדיק דעמדאָזיקן נאָמען). ער קען אים נאָך פון די קינדערשע יאָרן און ער זאָגט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געדינט נישט אין רוסלאַנד און אַז ער פּאַסט זיך נישט פאַר דעמ־דאָזיקן אָרט... אָבער וואו געפינט מען אַ מענטשן? איזוואָל־סקין**) האָבן מיר שוין גענוג געהאַט. ער איז נישט זייער קיין זיכערער מענטש. גירס איז קיין סך נישט ווערט. בענ(קענ־דאָרף)—שוין דער נאָמען אַליין איז קעגן אים. וואו זיינען די מענטשן—איך האַלט עס שטענדיק אין איין פרעגן. איך קען עס פשוט נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי געשיט עס אין אַזאַ גרויסן לאַנד, אַז מיר געפינען קיינמאָל נישט קיין פאַסנדיקע מענטשן, סיידן מיט קליינע אויסנאַמען.

מיין שמועס מיט מ אַ ר ק אָ ז אָ ו ן איז געווען זייער אינ־טערעסאַנט (ער איז אַ ביסל צו זיכער אין זיך), און ער קען פאַרציילן אַ סך נוציקע זאַכן און באַזייטיקן מיספאַרשטענדנישן.

---

*) געהילף פונם אינערנמיניסטער.

**) געוועזענער אינערנמיניסטער.

פּאָליוואַנאָוו קען אים זייער גוט און ער האָט שוין אויפגע־קלערט די פראַגע. עס איז, אפנים, באַפעלן געוואָרן אַראָפּצו־נעמען די עפּאָלעטן ביי די געפאַנגענע אָפיצירן. אין דייטש־לאַנד האָט עס אַרויסגערופן אַ מוראדיקן גרימצאָרן, וואָס איז פאַר מיר פאַרשטענדלעך. צו וואָס דערנידעריקן דעם געפאַנ־גענעם? דאָס איז געווען איינע פון יענע נישט־גערעכטע באַ־פעלן, וואָס די הויפטקוואַרטיר האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1914. גאָט צו דאַנקען, וואָס איצט איז ער אָפּגעשאַפט געוואָרן. ער פאַרשטייט אויך, אַז מיר באַדאַרפן זיך שטענדיק באַמיען צו זיין די *גערעכטע*, ווייל זיי צאָלן אויך באַלד מיט דער אייגענער מטבעה.

און אַז עס וועט זיך ענדיקן דידאָזיקע שענדלעכע מלחמה און די פיינטשאַפט וועט ווייכער ווערן, וואָלט איך אַזוי גע־וואָלט, מען זאָל זאָגן, אַז מיר האָבן געהאַנדלט איידלמוטיק. דער פחד צו זיין געפאַנגען איז שוין אויך גענוג פאַר אַן אָפיציר—זיי וועלן נישט פאַרגעסן די אכזריות אין דערנידערונ־גען; זאָלן זיי בעסער אַוועקטראָגן מיט זיך די ערינערונג פון אַ קריסטלעכער באַציונג און פון איידלמוט. קיינער פּאָדערט נישט קיין לוקסוס. זיי (די דייטשן) פאַרבעסערן באמת די לאַ־גע פון אונזערע געפאַנגענע; איך האָב געזען אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס מאַקס האָט אַראָפּגענומען פון אונזערע געפאַנגענע, און זיי האָבן אויסגעזען זאַט און צופרידן. די פיינטשאַפט פון די דייטשן איז שוין אַ היבש ביסל פאַרבייגעגאַנגען, אָבער אונזער פיינטשאַפט ווערט קינסטלעך אויפגעהאַלטן דורך דער פאַרשאָל־טענער *נאָוואָיע ווערעמיאַ*. איצט מוז איך מיך צואיילן מיטן אָנטאָן זיך, ווייל מיר האָבן אַן אָפּעראַציע און איך וויל נאָך פריער אַוועקשטעלן ליכט און בעטן גאָט פאַר דיר, ווי שטענ־דיק. מיין אוצר, מיין מלאך, מיין זונעלע, מיין אָרעמער *פּילליידנדיקער* *), איך באַדעק דיך מיט צאַרטע קושן און באַוויין דיין איינזאַמקייט.

---

*) אַ רמז אויף איובן, זע די פריערדיקע בריוו.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 10 סעפּטעמבער 1915

נשמהלע מיינס.

יאָ, באמת בעסערע ידיעות—איך האָב נאָר־וואָס דורכגעקוקט די צייטונגען. וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, אויב די פאַרשטאַר־קונג פון דרום וועט שנעל דערגיין צו איר באַשטימטן פונקט. פּאַראַיאָרן האָט דער סינאָד געהאַט אַלע דאָקומענטן וועגן די וואונדער, און סאַבּלער האָט נישט געוואָלט, אַז די היילי קונג זאָל פאָרקומען אין דעם זומער. דיין ווילן און דיין באַפעל האָבן אַ באַדייטונג—גיב זיי עס צו פילן. וו(אַרנאַוואַ) בעט דיך רחמים, דו זאָלסט זיך צואיילן מיטן באַפרייען סאַמאַרי־נען פון זיין פּאָסטן, מחמת ער און דער סינאָד האָבן נאָך בדעה אַרויסצעווייזן אַ סך געמיינהייטן און ער—דער אָרעמער־מוז נאָך גיין אַהין, כדי דאָרט אויסצושטיין גרויסע ענוים. גאָרעמ(יקין) האַלט אויך, אַז מען מוז צואיילן (ליידער האָט ער נאָך נישט צוגעשטעלט קיין צעטל). מען לויבט אויך דעם רויט־זנימדיקן פּרוטשענקאָ*)—אָבער זיין ברודער און דאָס ווייב האָבן גערעדט מאוסע זאַכן וועגן אונזער פריינט. גאָרעמ(יקין) וויל דיך זען וואָס שנעלער און פריער, איידער די אַנדערע וועלן דיך זען, ווען דו וועסט זיך אומקערן, אָבער אויב דו

*) געוועזענער קוראַטאָר פונם פּעטערבורגער לערנראַיאָן; האָט געהאַט אַ בראַגוטשע עקזעמע אויפן פּנים.

וועסט זיך אַזוי גיך נישט אומקערן, וואָלט ער געוואָלט אַרויס־פאָרן צו דיר; ער איז אויך גרייט אָנצושרייען אויף די "עפּיס־קאָפּן, ווי וואַרנאַוואַ זאָגט, און אַוועקשיקן זיי. דו שיק בעסער נאָכן אַלטן. אַזוי ווי מען באַדאַרף האָבן אַ פעסטע רעגירונג, איז אָנשטאָט צו באַפרייען דעם אַלטן, טרייב בעסער אַרויס די אַנדערע און קריג דיר שטאַרקע מענטשן. איך בעט דיך, שמועס ערנסט איבער מכוח כוואָסטאָוון אַלס אַן אינערנמיניסטער.

איך בין זיכער, אַז ער איז אַ פאַסנדיקער מענטש אין דעמדאָזיקן מאָמענט, מחמת ער שרעקט זיך נישט פאַר קיינעם און איז איבערגעגעבן.

ווידעראַמאָל אַ מאוסע געשיכטע מיט נ. (ניקאָלאַשען), און איך בין געצוואונגען צו פאַרציילן זי דיר. אַלע באַראָנען האָבן אַרויסגעשיקט צו ניקאָלאַשען אין דער הויפּטקוואַרטיר דעם באַראָן בענקערן. דערדאָזיקער באַראָן האָט אין נאָמען פון די אַלע געבעטן, עס זאָלן אויפהערן די רדיפות, מחמת זיי קענען עס שוין מער נישט איבערטראָגן. נ. (ניקאָלאַשע) האָט געענטפערט, אַז ער איז להלוטין איינשטימיק מיט זיי, אָבער ער קען נישט העלפן, ווייל די באַפעלן גייען פון צ(אַרסקאָיע) ס(עלאָ). איז עס נישט אַ געמיינהייט? ס. רעבינדער (פון דער אַרטילעריע) האָט עס געזאָגט אַניען—ריינטערן איז געווען דערשטוינט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז נ. (ניקאָלאַשע) האָט אויפגענומען סובאָרינען. דאָס מוז מען קלאָר מאַכן. אַזא שקר טאָר נישט פאַלן אויף דיר. מען מוז זיי זאָגן, אַז דו ביזט גערעכטיק מיט די־יעניקע, וואָס זיינען לאָיאַל און אַז דו וועסט קיינמאָל נישט פאַרפאָלגן קיין אומשולדיקע. אַ מענטש, וואָס האָט געשריבן קעגן נ. (ניקאָלאַשען), איז איצט אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה אויף אַכט חדשים—דאָרט קענען זיי אָפּשטעלן די פּרעסע, ווען זי פאַרטשעפּעט נ. (ניקאָלאַשען). אין דער צייט פון די דריי פאַסט־טעג, בשעת מען האָט געזאָגט פאַר דיינע־וועגן די תפילות, האָט דער סינאָד צעטיילט צווישן דעם עולם פאַר דעם קאַז. סאָב(אָר) טויזנט פאָרטרעטן נ. (ניקאָלאַשעס). וואָס באַדייט עס? זיי זיינען אויסנגעוועזן גאַר אַן אַנדער שפּיל. אונ־

זער פריינט האָט באַצייטנס דערזען זייערע קאָרטן און איז געקומען דיך מציל צו זיין, בעטנדיק דיך רחמים, דו זאָלסט אַרויסטרייבן נ. (ניקאָלאַשען) און אַליין איבערנעמען די הויפּט־אָנפירונג. דו הערסט אַלץ מער און מער וועגן זייער שענד־לעכן פאַררעטערישן שפּיל. מ.*) און ס.**) פאַרשפּרייטן וועגן דיר מאוסע קלאַנגען אין קיעוו און זאָגן, אַז מיך וועט מען פאַרשליסן אין מאָנאַסטיר. אַן אויסגעגעבענע טאָכטער פון איי־נעם פון די טרעפּאָווס איז אַזוי אויפגערעגט געוואָרן דערפון, וואָס זיי האָבן דערציילט, אַז זי האָט זיי געבעטן אַרויסגיין פון צימער. ער האָט געשריבן וועגן דעם דער גרעפין שולענ־בורג. אַך, מיין ליבער, דידאָזיקע קלאַנגען זיינען דערגאַנגען צו איוואַנאָווס אַרמיי—שוין־זשע איז עס נישט אַ העסלעכער סקאַנדאַל? איך זע, אַז דזשונק(אָווסקי) איז אַרויסגעפאָרן קיין קאַווקאַז אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. „די פייגלעך פון איין מין פעדערן פליען זיך צוזאַמען”. וואָס נאָך פאַר אַ פאַרברעכן גרייטן זיי איצט צו? זאָלן זיי דאָרט בעסער זאָרגן וועגן זייער אייגענער פעל.

איצט מוז איך אַוועקשיקן דעם בריוו—שוין לאַנג צייט געווען. אַלע ברכות און צאַרטע, גוטע, הייסע קושן און אומ־ענדלעכע ליבע פון דייז אַלטער

„זונעלע”.

*) מיליצא, א טאָכטער פונם מאָנטאָנעגרישן קעניג.

**) סטאַנא, א טאָכטער פונם מאָנטאָנעגרישן קעניג.

צארסקאָיע סעלאָ, 11 סעפּטעמבער 1915.

מיין טייער נשמהלע.

עס איז געווען אַזוי גרוי, אַז איך האָב מיך געפילט זייער טרויעריק. אָבער איצט פרובט די זון זיך אַדורכצרייסן צווישן די וואָלקנס. די ביימער זיינען פּרעכטיק באַפאַרבט: אַ סך זיינען געוואָרן געלב, רויט און קופּערפאַרביק. ס'איז טרויעריק צו טראַכטן, אַז דער זומער איז געענדיקט און אַז אינגיכן וואַרט אויף אונז אַן אומענדלעכער ווינטער. עס איז געווען מאָדנע צו זען דעם ליבן ים, אָבער אַזאַ שמוציקן—אַן אומעט האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ, ווען איך האָב פון דערווייטנס דערזען די אַלעקסאַנדריע*) און האָב מיך דערמאָנט, מיט וואָס פאַר אַ שמחה מיר פלעגן שטענדיק קוקן אויף איר—מיר האָבן געוואוסט, אַז אויף איר וועלן מיר צופאָרן צו אונזער שטאַנדאַרט**) און אין די שכערן. איצט איז עס אַלץ אַ חלום. וואָס רעכענען צו טאָן די באָלגאַרן, פאַרוואָס איז סאַזאָנאָוו אַזאַ צעקראָכענע בלינצע? עס זעט אויס, ווי דאָס פאָלק וואָלט געוואָלט זיין אויף אונזער זייט, אָבער דער מיניסטער און דער פאַרשאָלטענער פערדינאַנד מאָביליזירן, כדי זיך צו באַהעפטן צו די אַנדערע מלוכות און אַזויאַרום צו צעטרעטן סערביע און

*) אַ דאַמפשיפל.

**) דעם קיסרס שיף.

נאָכדעם זיך גיריק אַרויפצעוואַרפן אויף גריכנלאַנד. אויב מען זאָל זיין אַרויסטרייבן אונזער מיניסטער אין בוקאַרעשט, וואָלטן די רומענער זיכער געקענט גיין מיט אונז. איז עס אמת, אַז זיי*) זיינען זיך מכין אַרויסצושיקן פון מאָסקווע אַלס דעפּוטאַציע צו דיר—גוטשקאָוון און אַנדערע? אַן ערנסטע אייזנבאַן־קאַטאַסטראָפע, וואָס זאָל אים אַליין קאַליעטשען, וואָלט פאַר אים געווען אַ גוטע כשר פאַרדינטע שטראָף פון גאָט. זיי גייען שוין צו ווייט, און דערדאָזיקער שוטה שטשערב(אַטאָוו) האָט גאָרנישט פאַרגעזען און האָט בלויז אויסגעמעקט אַ טייל פון דעם, וואָס זיי האָבן געזאָגט. דאָס איז באמת אַ פאַרפוילטע רעגירונג, וואָס וויל נישט אַרבעטן מיט איר ראש, נאָר אַרבעט געגן אים. איך פאַרבלייב ביזן פרישטיק אין בעט. די נסיעה אינם אויטאָמאָביל האָט מיך שטאַרק צעטרייסלט, און איך בין מיד פון די לאַזאַרעטן, וועלכע איך האָב באַזוכט און באַקוקט דריי טעג נאָכאַנאַנד. איך וואָלט אַזוי געוואָלט וויסן, ווען דו וועסט קענען קומען און אויף וויפיל טעג. ווי אַזוי האָסטו זיך איינגעאָרדנט מיט אַל(עקסייעוון), ווען וועסטו אַוועקפאָרן? דער אַלטער האָט מיך געבעטן, איך זאָל מיך היינט אין אָוונט זען מיט אים, און אַזוי ווי איך ווייס, אַז ער דאַרף זיך זען מיט דיר, האָב איך דיר דעפּעשירט. ער האָלט פאַר אומבאַדינגט נויטיק, אַז ס(אַזאָנאָוו) זאָל תיכף אַוועקגיין. ער האָט עס געזאָגט אַנדר(אָניקאָוון). ער לייגט פאָר אַ צווייטן—מאַרקאָוון. אָבער דערדאָזיקער טויג נישט, ווייל ער האָט זיך נישט גוט אַרויסגעוויזן אין דער געשיכטע מיט הערמאָגענען. איצט איז נאָך פאַראַן דער רעדאַקטאָר פונם „פּראַוויט. וויעסטניק", דער שטאַלמייסטער פּירשט אורוסאָוו, גאָר אַן אַנדער מענטש, וואָס איז זייער לאָיאַל בנוגע צו דיר, אַ רעליגיעזער (האָט זיך באַקענט מיט אונזער פריינט)—איך מיין, אַז דאָס וואָלט געווען אַמבעסטן און טאַקע באַלד. איך שרייב עס

*) דער צוזאַמענפאָר אין מאָסקווע האָט באַשטימט אַרויסצושיקן אַ דעפּוטאַציע צום קיסר.

דערפאַר, כּדי דו זאָלסט עס אַלץ האָבן קלאָר אין קאָפּ; איך רעכן, אַז ער קען ברייגגען נאָך אַנדערע קאַנדידאַטן. די מעשה מיט וו. (וואַרנאַוואַ) דערגרייכט שוין זייער ווייט—ער איז מער ניט געווען אין סינאָד, ווייל ער וויל נישט הערן, ווי מען מאַכט חוזק פון דיינע באַפעלן. דער מיטראָפּ(אָליט) האָט אָנגע־רופן דיין טעלעגראַמע „נאַרישע טעלעגר(אַמע")–אַזאַ חוצפּה איז שוין נישט אויסצעהאַלטן, דו מוזט זיך רעכט נע־מען פאַר דיין בעזים און אַרויסקערן דעם גאַנצן שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין סינאָד. דער גאַנצער סקאַנדאַל מיט וו. (וואַרנאַוואַ) איז אויפגעהויבן געוואָרען צוליב דעם, כּדי דער נאָמען פון אונזער פּריינט זאָל אַריינגעשלעפּט ווערן אין דומע. בשעת ס. (סאַמאַרין) האָט אָנגענומען זיין פּאָסטן, האָט ער זיך אָנגערופן צו זיין קליקע, אַז דעמדאָזיקן פּאָסטן נעמט ער בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט בדעה פּטור צו ווערן פון גר(יגאָריען) און אַז ער וועט טאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר ביד, אַבי אים זאָל עס געלינגען. אין דומע האָט מען זיך געוועט, אַז זיי וועלן דיר שטערן אַרויסצעפאָרן אויפן פראָנט. דו ביזט אַרויסגעפאָרן, האָבן זיי געזאָגט, אַז קיינער וועט זיך נישט דערוועגן צו פאַרמאַכן די דומע; דו האָסט עס יאָ געטאָן,–האָט מען זיך איצט געוועט, אַז דו קענסט נישט באַפרייען ס(אַמאַ־רינען)–אָבער דו וועסט עס דאָך טאָן. פיינע יעפּיסקאָפּן, וואָס זיינען דאָרט געזעסן און האָבן אויך געחוזקט איבער דיינע באַפעלן. דו האָסט אודאי קיין צייט נישט געהאַט איבערצולייע־נען דעם אַרטיקל וועגן די באַשולדיקונגען קעגן וו(אַרנאַוואַ) אין סינאָד. באַוויייז, אַז דו ביזט דער באַלעבאָס. מיר האָבן אַרויסגעטריבן ס. א.*), וועלן זיי אויך אַרויספליען מיט דערדאָזי־קער לעכערלעכער, נישט לאָיאַלער, ווילדער אידייע צו ראַטע־ווען רוסלאַנד. אַסך הויך קלינגענדיקע ווערטער. גאָר(עמיקין) באַדאַרף אים זאָגן**), אַז דו האָסט אים אויסגעקליבן, ווייל

*) הויפפריילן ס. א. טיוטשעווא, דערציערין פון די גרויספירשטינס.

**) סאַמארינען.

דו האָסט אים געהאַלטן פאַר אַ מענטשן, וואָס וועט אַרבעטן פאַר דיר און פאַר דער צערקווע, אָבער אַרויסגעוויזן האָט ער זיך גאָר פאַר אַ שפּיאָן, וואָס קוקט נאָך די מעשים און טעלעגראַמעס פון וו(אַרנאַוואַ) און גר(יגאָריען), און ער מאַכט אַן אָנשטעל פון אַ פּראָקוראָר און אַ פאַרפאָלגער און צווייפלט אין דיינע פאַרלאַנגען און באַפעלן. דו ביזט דער ראש און באַשיצער פון דער צערקווע, און ער סטאַרעט זיך אַרונטערצורייסן דיך אין די אויגן פון דער צערקווע. וואַרף אים, מיין ליבער, באַלד אַרויס, ווי אויך שטשערבאַטאָוון. היינט אין אָוונט האָט ער אין אַלע צייטונגען אַריינגעשיקט אַ צירקולאַר, אַז זיי קענען דרוקן אַלץ, וואָס זיי ווילן קעגן דער רעגירונג (דיין רעגירונג)—ווי אַזוי דערוועגט ער זיך עס צו טאָן?—נאָר נישט קעגן דיר.

אָבער זיי טוען אַלץ פאַרבאָרגענערהייט, des sous-entendus און ער שפּילט אַ טאָפּל שפּיל, אַן אמתער שוטה. איך בעט דיך, נעם כוואָסטאָוון אויף זיין אָרט. האָסטו אַדורכגעקוקט זיין בוך? ער וויל מיך זייער זען, ער קוקט אויף מיר, ווי אויף יענער, וואָס קען ראַטעווען די סיטואַציע, בשעת דו ביזט נישטאָ, ער האָט עס געזאָגט אַנדר(אָניקאָוון); ער וויל אויסגיסן פאַר מיר דאָס האַרץ און באַקענען מיך מיט אַלע זיינע אידייען. ער איז זייער ענערגיש, שרעקט זיך פאַר קיינעם נישט און איז דיר געוואַלטיק איבערגעגעבן—און דאָס איז דער עיקר אין די דאָזיקע טעג. ער קען זייער גוט די מענטשן אין דומע און ער וועט נישט דערלויבן, זיי זאָלן אָנפאַלן אויף אונז, און ער קען ריידן. איך בעט דיך, נשמהלע מיינס, גיב ערנסט אַ טראַכט וועגן אים—ער איז נישט אַזאַ פחדן און שמאַטקע, ווי שטש(ערבאַטאָוו). מען מוז ברייגנען אין אָרדנונג די רעגירונג, און דער אַלטער נויטיקט זיך אין גוטע, טרייע, ענערגישע מענטשן, כדי צו העלפן אים אין זיין אַרבעט פון אַ זקן. ער קען אַזוי ווייטער נישט אַרבעטן. דו מוזט אים אַלץ זאָגן, וועגן אַלץ אויספרעגן, ער איז זייער באַשיידן און וואַרט געוויינלעך, מען זאָל אים פרעגן און ערשט דעמאָלט דערציילט ער פון זיינע איינ-

דרוקן אָדער דאָס, וואָס איז אים באַוואוסט. דו האַלט אים אונ־
טער, זאָג אים, אַז דו נויטיקסט זיך אין אים און גלויבסט אים
און אַז דו וועסט אים געבן נייע אַרבעטער—און גאָט וועט
בענטשן די אַרבעט. נעם אַ בויגעלע פּאַפּיר און פאַרשרייב אַלץ,
וואָס דו באַדאַרפסט ריידן מיט אים—יענס מאָל האָסטו פאַרגעסן
וועגן כוואָסטאָוון; נאָכדעם גיב איבער דאָסדאָזיקע בויגעלע
פּאַפּיר דעם אַלטן, ער זאָל קענען געדיינקען די אַלע פראַגן.
1) סאַמאַרין, 2) שטשערבאַטאָוו, סינאָד, 3) סאַזאָ־
נאָוו, 4) קריוואָשייאין, וואָס איז אַ געהיימער פיינט און
איז די גאַנצע צייט געווען פאַלש בנוגע צום אַלטן, 5) ווי־
גיט מען צו וויסן די באַראָנען, אַז ניקאָלאַשע האָט זיי גע־
זאָגט אַ גרויסן ליגן, אַז ער האָט כלומרשט באַקומען אַ פאַר־
אָרדנונג פון צאַרסקאָיע סעלאָ, צו פאַרפאָלגן די באַראָנען—מען
דאַרף עס מאַכן קלוג און דעליקאַט. דער אַלטער בעט תמיד,
אַז דו זאָלסט צוויילן און זאָלסט זיין אַנטשלאָסן. ווען דו גיסט
אים קאַטעגאָרישע תשובות און באַפעלן אויסצופירן, איז אים אַ
סך לייכטער, און זיי זיינען געצוואונגען צו הערן. איך דערעס
דיר, מיין אָרעמער קליינינטשקער, אָבער זיי קומען צו מיר,
און איך קען נישט האַנדלען אַנדערש פאַר דיינטוועגן און פאַר
בעבין און פאַר רוסלאַנד. זייענדיק דאָרט פונדערווייטנס, קענסטו
עס באַטראַכטן קלאָר און רואיק—און איך בין אויך רואיק און
פעסט. אָבער בשעת עס קומט אויס צו מאַכן ענדערונגען, כדי
זיך צו באַפרייען פון די ווייטערדיקע געמיינהייטן און שמוץ,
אין סינאָד, וואָס זיין ראָש איז דער soi-disant gentleman סאַ־
מאַרין, פאַרליר איך דעמאָלט דעם קאָפּ און איך בעט דיך, דו
זאָלסט דיך צוויילן. ער טאָר זיך נישט דערוועגן צו קוקן אויף
דיינע ווערטער, ווי אויף שטויב, קיינער פון די מיניסטאָרן
טאָר זיך אַזוי נישט פירן, נאָכדעם ווי דו האָסט מיט זיי אַזוי
גערעדט. איך האָב דיר געזאָגט, אַז ס(אַמאַרין) איז נאַריש, אַ
מחוצף—דערמאָן דיר, מיט וואָס פאַר אַ חוצפה ער איז פאַר־יאָרן
זומער זיך באַגאַנגען מיט מיר אין פעטערהאָף בשעת דער עוואַ־
קואַציע־פראַגע און זיין מיינונג וועגן פעטערבורג אין פאַרגלייך

מיט מאָסקווע א. אַז. וו. ער האָט נישט קיין רעכֿט אַזוי צו ריידן מיט זיין קייזערין. ווען ער וואָלט נאָר געמיינט מיין טובה, וואָלט ער אַלץ, וואָס ער וואָלט נאָר געקענט, געטאָן צוליב מיר, און וואָלט זיך גענומען פאַר דער זאַך אַזוי, ווי איך האָב געוואָלט, און ער וואָלט מיר געגעבן אַ ריכטונג אין דער אַרבעט און וואָלט מיר געהאָלפן און דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע און פּאָפּולערע אַרבעט. איך האָב אָבער געפילט זיין אַנטאַגאָניזם, ווי אַ פריינט פון ס. א. און אָט פאַרוואָס מען האָט אים דיר פאָרגעלייגט, אָבער נישט פאַר דער טובה פון דער צערקווע. איך בין נישט באַקוועם פאַר דידאַזיקע טיפּן, ווייל איך בין ענערגיש און איך שטיי פאַר מיינע פריינט, וואו זיי זאָלן נישט זיין. בשעת די דומע איז צוגעמאַכֿט געווען, האָבן זיי אויף אַ פּריוואַטער זיצונג גערעדט מאוסע זאַכֿן וועגן גר(יגאָריען), אַניען און איר פאָטער—אַזוי העסלעך־געמיין. איז עס איבערגעגעבנקייט, פרעג איך דיך? דו באַווייז זיי אַ פויסט, באַשטראָף זיי, זיי אַ באַלעבאָס און אַ מושל, דו ביזט אַן אַליינ־הערשער, און זיי טאָרן עס נישט פאַרגעסן, און אויב זיי פאַרגעסן עס אַזוי ווי איצט, איז וויי צו זיי! נאָך און נאָך דאַנק איך דיר פאַר דיין ליבן טייערן בריוו. איך האָב מיך אַזוי געפרייט, ווען איך האָב אים באַקומען, און איך האָב אים איינגעשלונגען. ווי עס פרייט מיך, וואָס דו באַקומסט מאַסן טעלעגראַמעס, דאָס איז אַ באַשטעטיקונג און אַ באַלוינונג. גאָט וועט דיך בענטשן, דו האָסט געראַטעוועט רוסלאַנד און דעם טראָן דורך דעמדאָזיקן טאַט*).

אָלגע דאַנקט מאָרדווינאָוון פאַר זיין בריוו. איך האָב מורא, אַז מישע**) וועט בעטן אַ טיטל פאַר זיין ווייב, דאָס איז אוממעגלעך—און ער איז דיין איינציקער ברודער. פאַרוואָס

*) דערמיט, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך די הויפּטאָנפירונג איבערן מיליטער.

**) דעם קיסרס ברודער.

איז באָריס נאָך ביי דיר? ער האָט זיך צאַדאַרפט אומקערן אין פאָלק, נישט וואָר? גר(יגאָרי) האָט אָנגעשריבן אַ פאַרצווייפלטע טעלעגראַמע מכוח זיין זון און ער בעט רחמים, מען זאָל אים נעמען אין סוו.*) פאָלק. מיר האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אוממעגלעך. אַניע האָט געבעטן וואָייקאָוון, ער זאָל עפּעס טאָן, ווי ער האָט צוגעזאָגט, און ער האָט געענטפערט, אַז ער קען גאָרנישט טאָן. איך פאַרשטיי, אַז דערדאָזיקער יינגל באַדאַרף גיין פאַר אַ זעלנער, אָבער מען קען דאָך אים נעמען אין צוג אַלס סאַניטאַר אָדער עפּעס אַנדערש—אים איז שטענדיק אויסגעקומען צו פאַרוואַלטן מיט זיינע הייזער אין דאָרף, ווי אַן איינציקן זון—דאָס איז, נאַטירלעך, שרעקלעך. עס וואָלט זיך געוואָלט העלפן, נישט שאָדנדיק דעם פאָטער און דעם זון.

מען זאָגט, אַז די גוואַרדיע האָט ווידער געהאַט גרויסע פאַרלוסטן.

גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען, ער זאָל דיר געבן כוחות, געזונט, ענערגיע, זיכערקייט אין דער אייגענער דעה, קלוגשאַפט און מנוחה.

אויף שטענדיק, מיין ניקי, דיין אַלט ווייבעלע
אַליסא

צאַרסקאָיע סעלאָ, 2 אָקטאָבער 1915.

נשמהלע מיינס.

וואָס מאַכט איר**), ווי האָט איר געשלאָפן, עס האָט זיך אַזוי געוואָלט וויסן. איך האָב געשלאָפן נישט זייער גוט, ווי

---

*) סוואָדני פאָלק, געפינט זיך נישט אויפן פראָנט.

**) דער טראָניירש איז ארויסגעפאָרן צוזאַמען מיטן פאָטער אויפן פראָנט.

אַלעמאָל, ווען דו ביזט נישטאָ, נשמהלע מיינס. עס איז געווען אַזוי מאָדנע צו לייענען אין די צייטונגען, אַז דו און בעבי ווינען אַרויסגעפאָרן אויפן פראָנט. איך בין זיכער, אַז דיר איז געווען היימלעך צו זיצן און שפּילן מיט בעבין—אַבי נישט די שטענדיקע איינזאַמקייט. איך בין אויך צופרידן פאַר נ. פּ., מחמת ער האָט זיך עפּעס געפילט איינזאַם, ער האָט נישט קיין באַזונדערס נאָענטע פריינט, הגם ער האָט ליב דעם גרעסטן טייל (פון זיינע פריינט), און זיי זיינען אין גוטע בעציונגען, אָבער מיר אַלע פעלן אים, און איצט, אַז אַלעקסיי איז דאָרט, וועט אים זיין וואַרעמער, און ער וועט שפּירן, אַז דו ביזט אויך צו אים נאָענט. מר. זשיליאַר וועט דאָרט האָבן פון אַלץ פאַרגעניגן, און ער וועט קענען ריידן מיט פראַנצויזן. דו האָסט דאָ געהאַט אַזויפיל שווערע אַרבעט, בין איך צופרידן, וואָס דאָס אַלץ איז שוין מער אָדער ווייניקער אַריבער און וואָס דו וועסט זען דאָס מיליטער.

אַך, ווי איך פריי מיך, דאָס האַרץ פון אַ טאָכטער און ווייב פון אַ סאָלדאַט פרייט זיך פאַר דיר—און איך וואָלט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט דיר און זען די פּנימער פון די אַלע העלדן, בשעת זיי וועט קלאָר ווערן, פאַר וועמען און מיט וועמען זיי גייען אין שלאַכט. איך פאַרהאָף, אַז דיר וועט געלינגען מיטצונעמען אַלעקסייען. ביי אים און ביי זיי וועט אויפן גאַנצן לעבן פאַרבלייבן דער איינדרוק.

אַך, ווי איר פעלט מיר ביידע! אין דער שעה פון זיין תפילה מוז איך זאָגן, אַז איך האָב מיך אַזוי אויפגערעגט, אַז איך בין תיכף אַוועק אין מיין צימער און האָב דאָרט אָפּגעזאָגט אַלע זיינע תפילות אויפן פאַל, טאָמער האָט ער זיי פאַרגעסן. איך בעט דיך, פרעג אים, צי ער געדענקט זיי אַלע טאָג. וואָס וועט עס זיין פאַר דיר, ווען איך וועל קומען נאָך אים! דו וועסט אויך מוזן אַוועקפאָרן ערגעץ, כדי נישט צו פאַרבלייבן אַליין. מיר ווייזט שוין אויס, אַז איר זייט שוין לאַנג־לאַנג אַוועקגעפאָרן, און איך בענק אַזוי נאָך אייך—דו פעלסט מיר, מיין מלאך, מער, ווי איך קען עס דיר זאָגן.

אפשר ווּעסטוּ פאַראָרדנען, אַז די אַרמיי, וואָס שטייט אין מאָהילעוו, זאָל אין דיין אָנוועזנהייט מאַכן עטלעכע איבונגען, און דעמאָלט וועלן זיי קענען זען בעבין. דאָס, וואָס ער איז אַרויסגעפאָרן אויפן פראָנט, וועט דיר אויך ברייגען מזל־ברכה–אונזער פריינט האָט אַזוי געזאָגט אַניעץ. אַפילו אַגרונשקע העלפט. ער*) איז אין גרויס גרימצאָרן דערפאַר, וואָס מען פירט זיך אַזוי אויף אין מאָסקווע.

זיי געזונט, מיין ליבע, מיין ליבער, געליבטער. איך קוש און בענטש דיך אָן אַ שיער.

אויף שטענדיק דיין ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 8 אָקטאָבער 1915.

מיין טייערער, געליבטער.

אַ גרויער און טריבער פרימאָרגן. ביי אייך, זע איך, איז אויך אַ קאַלט וועטער, דאָס איז טרויעריק, דער ווינטער איז דאָך אַזאַ אומענדלעכער. עס פרייט מיך, וואָס דאָס קינד פירט זיך אויף גוט, און איך פאַרהאָף, אַז ער וועט דיר נישט שטערן, בשעת דו באַדאַרפסט זען דאָס מיליטער אָדער ביי אַן ענלעכער אַרבעט. צי דערעס איך דיר נישט דערמיט, וואָס איך דערמאָן דיר שטענדיק וועגן דעם? נאָר איך האָב אַזאַ שטאַרקן באַגער, אַז דו זאָלסט אומעטום אַרומפאָרן, זען וואָס מער און זיך אַליין באַווייזן. צי שטייען נאָך מאַנכע רעזעוו־פאָלקן אין

---

*) ראַספּוטין.

וויטעבסק אָדער דאָרט האַלט מען בלויז פערד? בעבי טרייבט
אַזוינע קאָמישע בריוו, און אַלץ קומט אים אין קאָפּ אַריין. צי
שמועסט ער מיט אויסלענדער, אָדער ער דערוועגט זיך נישט?
עס פרייט מיך, וואָס זיין הייליק לעמפּל שטערט דיר נישט צו
שלאָפן. איצט וועגן כוואָסטן*). איך האָב געשמועסט מיט אים
וועגן מעל, צוקער, וואָס פעלט, פוטער, וואָס פעלט אויך אין
פעטראָגראַד, בשעת אין סיביר זיינען געבליבן שטעקן פולע
וואַגאָנעס. ער זאָגט, אַז דאָס אַלץ האָט אַ שייכות צו ר ו כ־
ל אָ ו ן**), ער דאַרף אַכטונג געבן דערויף און פאַראָרדנען, אַז
די וואַגאָנעס זאָלן קומען. אָנשטאָט די אַלע נויטיקע פּראָדוקטן
קומען וואַגאָנעס מיט בלומען און פרוכטן, אַז ס'איז ממש אַ
חרפה. דערדאָזיקער ליבער מענטש איז אַלט—ער האָט אַליין
באַדאַרפט אַרויספאָרן אַהין און אַלץ זען און אַלץ ברענגען אין
אָרדנונג. דאָס איז באמת אַ שאַנד און אַ חרפה, און דו פילסט
זיך דערנידערט אין די אויגן פון די אויסלענדער ביים גע־
דאַנק, אַז אַזאַ אומאָרדנונג קען עקזיסטירן. וואָלסטו נישט גע-
קענט עמיצן אויסקלויבן און אַוועקשיקן אַהין, אין יענע ער-
טער, וואו עס שטייען די וואַגאָנעס און עס פוילן די פּראָדוקטן,
ער זאָל דאָס אַלץ אָרגאַניזירן און צווינגען אַלעמען צו אַרבעטן,
ווי געהעריק. כוו(אָסטאָוו) האָט דערמאָנט וועגן גורקאָן, ווי
וועגן אַ מענטשן, וועלכן מען האָט באַדאַרפט שיקן אַלס אינס-
פעקטאָר, מחמת ער איז זייער ענערגיש און געשיקט—אָבער צי
האָסטו ליב אַזאַ טיפּ? אמת, ס ט אָ ל י פּ י ן איז זיך נישט יושר־
דיק באַגאַנגען מיט אים***) אָבער געוויסע ענערגישע מיטלען
מוזן דאָך אָנגענומען ווערן. איך האָב דיר געשריבן וועגן ט אַ־
ט י ש ט ש ע ו ו****) און וועגן די זשאַנדאַרמען, איך האָב אָבער

*) כוואָסט—כוואָסטאָוו.

**) דער וועגמיניסטער.

***) דער באַרימטער פּראָצעס גורקאָ לידוואַל, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן אין סענאַט.

****) דער קאָמאַנדיר פונם באַזונדערן זשאַנדאַרמען־קאָרפּוס.

פאַרגעסן צו זאָגן כוו(אָסטאָוון), אַז ער איז שטאַרק קעגן אונ־
זער פ ר יי נ ט, און איך מיין, אַז ער וואָלט קודם כל באַדאַרפט
מיט אים איבעררײדן אויף דערדאָזיקער טעמע. שטעל זיך פאָר,
ס'אַראַ געמיינהייט, דאָס קריגסמיניסטעריום האָט אַן אייגענע
אויספאָרשונגס־אָפּטיילונג, נאָכצוזוכן די שפּיאָנעס, און איצט
שפּירן זיי נאָך כוו(אָסטאָוון) און דערוויסן זיך, וואוהין ער
פאָרט און וועמען ער זעט, און דער אָרעמער איז זייער אויפ־
גערעגט דערפון. ער קען נישט מאַכן קיין סקאַנדאַל, מחמת ער
איז עס דערגאַנגען דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ קאַנצעלאַריע־
שרייבער (דאַכט זיך?), וואָס האָט עס אים אַלץ דערציילט;
זיין פעטער כוו(אָסטאָוו) האָט אויך געהערט פאַרשיידענע זאַכן,
וואָס גייען פון פ אָ ל י וו אַ נ אָ וו ן-דערדאָזיקער איז נאָך אַלץ
גוטשקאָווס אַ פריינט, און דעריבער קענען זיי שאָדן כוו(אָס־
טאָוון). מען מוז גוט נאָכשפּירן פאָליוו(אַנאָוון). באַרק האָט אים
אויך פיינט און דאָ נישט לאַנג האָט ער אים געגעבן זייער אַ
שאַרפן ענטפער. נאָר אפשר ביזטו צופרידן מיט פאָליוואַנאָווס
אַרבעט אין באַצוג צו דער מלחמה? יעדנפאַלס, אויב דו וועסט
איינגעפינען, אַז מען דאַרף אים טוישן, איז פאַראַן זיין גע־
הילף בעלייעוו, וועלכן אַלע לויבן, ווי אַ קלוגן אַרבעטספּעאיקן
מענטשן און ווי אַן עכטן דזשענטלמען, וואָס איז דיר אינגאַנצן
איבערגעגעבן. פון אַלע פּאַפּירן קעגן אונזער פריינט, וואָס זיי־
נען געלעגן אין אינערנמיניסטעריום, האָט דזשונק(אָווסקי) אַראָפּ־
גענומען קאָפּיעס (ער האָט דערויף קיין שום רעכט נישט גע־
האַט) און האָט זיי געוויזן אויף רעכטס און אויף לינקס-אין
מאָסקווע צווישן די דוואָריאַנעס, נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט
געוואָרן פון זיין פּאָסטן. פּאַוולס ווייב האָט נאָכאַמאָל געזאָגט
אַניען, אַז דזשונק(אָווסקי) האָט אים געגעבן זיין ערנוואָרט, אַז
דו האָסט ווינטער באַפוילן דזשונק(אָווסקין), ער זאָל צוציען
גר(יגאָריען) צום געריכט-ער האָט עס געזאָגט פּאַוולען און זיין
ווייב און האָט עס איבערגעהזרט פאַר דמיטרין און פאַר אַ סך
אַנדערע אין שטאָט. אַזאַ טאַט איז ביי מיר נישט ערלעך און
נישט לאָיאַל אויפן העכסטן גראַד און איך האַלט, אַז דערדאָ־

זיקער מאַן פאַרדינט נישט–נישט קיין באַלוידיגונגען און נישט קיין העכערע פּאָסטנס. אַזאַ מאַן וועט טאָן כסדר, אָן שום בושה, שלעכטס און וועט אַגיטירן געגן אונזער פּריינט אין די פּאָלקן. גר(יגאָרי) זאָגט, אַז ער (דזשונקאָווסקי) וועט קיינמאָל נישט האָבן קיין מזל־ברכה אין זיין אַרבעט, ווי נ. (ניקאָלאַשע), ווייל זיי זיינען אַרויסגעטרעטן קעגן אים (דיר).

וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיקער סורפּריז! דיין טייערן בריוו האָט מען מיר היינט אַזוי פרי געבראַכט. איך דאַנק דיר נאָך און נאָך, נשמהלע מיינס. דאָס איז ריכטיק, מיין טייערער, וואָס דו האָסט מיטאַמאָל פאַראָרדנט אַראָפּצוזעצן יענע דריי געגעראַלן, וואָס זיינען געווען שולדיק. אַזוינע מיטלען וועלן זיין אַ לעקציע פאַר די אַנדערע און זיי וועלן זיין אָפּגעהיטער אין זייערע מעשים. איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווער זיינען עס די דריי. גאָט זאָל נאָר געבן, אַז ריגע זאָל נישט גענומען ווערן–ס'איז אַזוי אויך גענוג פאַר זיי.

איצט, מיין פייגעלע, באַדאַרף איך אַוועקשיקן דעם בריוו. גאָט זאָל דיך בענטשן און באַשירמען און פאַרהיטן פון אַלדאָס בייז. איך קוש אייך ביידן, מיינע אוצרות, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

אויף שטענדיק דיין אַלט ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 3 נאָוועמבער 1915

מיין טייערער.

איך הויב אָן מיין בריוו היינט אין אָוונט, איך זאָל נישט פאַרגעסן, וואָס כוואָסטאָוו האָט געבעטן אַניען צו זאָגן דיר: 1. דער אַלטער האָט, אפנים, אין אַ נישט העפלעכער

פאָרם פאָרגעלייגט (נאַומאָוון דעם מיניסטאָרן-פּאָסטן*), אַזוי, אַז יענער האָט זיך געזען געצוואונגען אָפּצוואַרפן דעמדאָזיקן פאָרשלאַג. כּוואָסטאָוו האָט שוין געזען נ. (נאַומאָוון) און ער איז זיכער, אַז יענער וועט אָננעמען דעם פּאָסטן און וועט זיין אַפילו גליקלעך, ווען דו וועסט אָנרופן זיין נאָמען. ער איז זייער אַ רעכטער מענטש, אונז ביידן געפעלט ער; מיר דאַכט זיך, אַז בעלעצקי האָט פריער געאַרבעט מיט אים. ער איז זייער רייך (זיין ווייב איז אַ טאָכטער אושאַקאָווס, דעם אייגנ־טימער פון פּאָראָס**), אַזוי, אַז ער וועט נישט דאַרפן נעמען קיין כאַבאַר. יענער, ווידער, וואָס גערעמ(יקין) לייגט פאָר, איז קיין סך נישט ווערט. איך האָב פאַרגעסן זיין פאַמיליע. 2. וועגן ראָדזיאַנקאָ פון דער דומע-כוו(אָסטאָוו) מיינט, אַז ער דאַרף איצט באַקומען אַן אָרדען, דאָס וואָלט אים אַ ביסל אונ־טערגעוואַרעמט, אָבער דערמיט וואָלט ער געפאַלן אין די אויגן פון די לינקע פּאַרטייען, ווען ער זאָל אָננעמען פון דיר אַן אויסצייכנונג. אונזער פ ר י י נ ט זאָגט אויך, אַז מען האָט עס באַדאַרפט טאָן. געוויס, ער איז ז י י ע ר נ י ש ט סימפּאַטיש, ליי־דער אָבער זיינען איצט דווקא אַזוינע צייטן אָנגעשטאַנען, אַז מען איז געצוואונגען צו טאָן אַזוינע זאַכן, פון וועלכע מען וואָלט זיך גערן אָפּגעהאַלטן***). 3. נאָכדעם האָט ער געבעטן, מען זאָל נישט טוישן באַלד דעם מאָסקווער פּאָליצמייסטער, מחמת ער האָט אין זיינע הענט אַ סך פעדעם צוליב דעם, וואָס ער האָט פריער געדינט אין דער אָכראַנע־פּאָליציי. אונזער ספּיר־ידאָוויטש וואָלט זיך דאָרט נישט געפּאַסט, וואָרום עס שטעלט זיך אַרויס, אַז ער האָט אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט מיט אַ צווייפלהאַפטער עקס־זינגערין פון ציגיינערשע לידלעך, אַזוי, אַז מען גיט אים, דאַכט זיך, אַ פּאָסטן פון אַ גובערנאַטאָר ערגעץ

*) אַגראַר-מיניסטער.

**) אַ רייכער גוט אין קרים.

***) ראָדזיאַנקאָ האָט באַקומען אַן אָרדען.

ווייטער. 4. ער בעט דיך, מען זאָל קסיונינען*) נישט אַרויס־שיקן קיין סיביר, מחמת צוויי גענעראַלן האָבן געגעבן פאַלשע ידיעות וועגן אונזער אַרויסזעצן זיך אין באָלגאַריע (ער וועט דיר ברייננען זייערע נעמען); דערדאָזיקער מענטש (קסיונין) שרייבט אין די צייטונגען, און עס איז געננוג, מען זאָל אים בלויז מאַכן אַ פּאָרוואורף**). 5. צי האָסטו דערהאַלטן אַ טעלע־גראַמע פון איינער אַ פּרוי, וואָס רעדט דיך צו, דו זאָלסט אַניען און מיך איינשליסן אין מאָנאַסטיר? ער האָט עפּעס געע־ווערט דערפון, און אויב דאָס איז אמת, וואָלט ער זי געוואָלט נאָכשפּירן און זען, וואָס איז דאָס פאַר אַ טיפּ. ער האָט מורא זיך צו טרעפן מיט דרענטעלן; ער האַלט, אַז נאָך אַזאַ בריוו קען ער אים נישט געבן די האַנט (בעט אים, ער זאָל דיר ווייזן דעם בריוו; אויב דו וועסט עס פאָדערן ביי אים***), מוז ער דיך הערן, און אויב דו וועסט עס נישט טאָן, וועט דאָס פּובליקום זיין נישט צופרידן און וועט ריידן וועגן אים). איך בין מיך אַזוי מצער פאַר דעמדאָזיקן אָרעמען מענטשן. ער האָט מיר געבראַכט דיין געהיימען מאַרשרוט (ער האָט אים באַקומען פון וואָייקאָוון); איך וועל קיינעם קיין וואָרט נישט זאָגן וועגן דעמדאָזיקן מאַרשרוט, אויסער אונזער פרייגט, כדי ער זאָל דיך אומעטום באַשיצן. ווען קיריל וואָלט עס גע־האַט אַן ערפאָלג! אונזער פרייגט האָט געזאָגט, אַז ווען מען זאָל איצט פאָרלייגן גרויסע סומעס געלט (כדי צו באַקומען אַן אויסצייכנונג), באַדאַרף מען זיי צונעמען, מחמת מען נויטיקט זיך אין געלט, און צוליב דעם העלפן זיי טאָן גוטס, נאָכגעבנדיק זייער שוואַכקייט, און פיל טויזנטער מענטשן האָבן פון דעם אַ פּעולה; דאָס איז אַן אמת, הגם דאָס צושטערט ווי־

*) א מיטארבעטער פון „נאָוואָיע ווערעמיא".

**) אלס מיטארבעטער פון „נאָוו. ווערעמיא", האָט מען קסיונינען טאקע נישט פארשיקט קיין סיב״ד. דער קיסר האָט מבטל געמאַכט זיין פּראָצעס.

***) ד. ה. דעם בריוו.

ווערן פאַרזאַמלט דאָס מאָראַלישע געפיל. אָבער בשעת אַ קריג ענדערט זיך אַלץ.

אין „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָב איך געלייענט אַ קורצע באַ־שרייבונג, געמאַכט פון אַ מענטשן, וואָס איז געווען אַן עדות פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ריגע*), און איך האָב נישט געקענט לייענען אָן טרערן. היינט ווי דאַרפן שוין זיין די געפילן פון יענע טויזנטער, וואָס האָבן דיך און בעבין גע־זען צוזאַמען—אַזוי פשוט, אַזוי נאָענט צו זיי! איך קען מיך פאָרשטעלן, ווי טיף דו האָסט עס אַלץ געפילט, מיין געליבטער. אַך, ס'אַראַ געוואַלדיקער חסד פון גאָט דאָס איז, וואָס דו קאָ־מאַנדעוועסט**) און ביזט זיך אַליין דער באַלעבאָס.

איך שיק דיר אַ ביסל בלומען, זיי זאָלן דיך באַגלייטן אין וועג. אַ גאַנצע טאָג זיינען זיי געשטאַנען אין מיין צימער און געאָטעמט מיט דער אייגענער לופט, וואָס דיין אַלט „זונע־לע"; פרעזיס האַלטן זיך לאַנג אין אַ וואַזע.

דאָסמאָל פעלט איר מיר ביידע מער ווי אַן אַנדערש מאָל. אַזאַ אומענדלעכע בענקשאַפט נאָך אייך, עס ווילט זיך הערן דיין ליבע שטים, קוקן אין דיינע טייערע אויגן און פילן דיך, מיין געליבטער, נעבן זיך. גאָט צו דאַנקען, וואָס בעבי איז ביי דיר, צו דערוואַרעמען דיך, און וואָס ער איז שוין גענוג דער־וואַקסן און קען דיך באַגלייטן. דידאָזיקע אומענדלעכע בענק־שאַפט טראָג איך אַליין אין מיין מידער נשמה און אָנגעוויי־טיקטן האַרץ—מען קען זיך בשום אופן נישט צוגעוויינען צו דידאָזיקע צושיידונגען, באַזונדערס ווען מען פאַרבלייבט אַליין אין שטוב. אָבער עס איז גוט, וואָס דו ביזט דאָרט. דאָ איז די „אַטמאָספערע" אַזאַ שווערע און זי דערדריקט. עס טוט מיר באַנג, וואָס דיין מוטער האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט—מען וועט איר שוין, דער אָרעמער, פאַרקלאַפּן די אויערן מיט

---

*) דער קיסר האָט באַזוכט דאָס מיליטער אין ריגע.

**) ד. ה. וואָס דער קיסר האָט איבערגענומען די הויפּטאָנפירונג איבער די אַרמייען.

אַלערליי בייזע רכילות. אַך, מיין ליבער, ווי איך בין היינ־טיקס יאָר מיד פון דעמדאָזיקן לעבן און פון די שטענדיקע זאָרג און יסורים! עס וואָלט זיך געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן אויף אַ צייט און פאַרגעסן פון אַלץ און פונם טאָג־טעגלעכן קאָשמאַר. אָבער גאָט ווייסט העלפן. ווען דו פילסט זיך נישט געזונט, ווערט מען נאָכמער געדריקט פון אַלץ, אָבער די אַנ־דערע באַמערקן עס נישט. אונזער פריינט מיינט, אַז כוו(אָס־טאָוו) האָט נישט באַדאַרפט דערלאַנגען די האַנט דר(ענטעלן) נאָך אַזאַ באַליידיקלעכן בריוו, אָבער איך מיין, אַז דר(ענטעלן) ווייסט עס אַליין אויסמיידן. מיר איז אַזוי טרויעריק פאַר דעמ־דאָזיקן דיק־בייכיקן מאַן.

גר(יגאָרי) בעט מיך, איך זאָל מיך זען מיט אים מאָרגן אינם קליינינשקען הייזעלע, איבערצושמועסן דאָרט וועגן דעם אַלטן, וועלכן איך האָב נאָך נישט געזען.

איך באַדאַרף ענדיקן, גאָט זאָל בענטשן דיין נסיעה. שלאָף גוט, פיל מיין אָנוועזנהייט נעבן דיר אין קופּע, איך באַשיט דיך מיט וואַרעמע און צאַרטע קושן, יעדעס טיילכל פון דיין קערפּער און איך לייג מיין מידן קאָפּ אויף דיין ברוסט

דיין ליבנדיק ווייבעלע.

צאַרסקאָיע סעלאָ, 15 נאָוועמבער 1915.

מיין געליבטער.

דאָס האַרץ און די נשמה זיינען דערפרייט געוואָרן, באַ־קומענדיק דיין טייערן בריוו, פאַר וועלכן איך דאַנק דיר מיט אַזאַ צאַרטקייט. אַלץ, וואָס דו שרייבסט, איז געווען העכסט

אינטערעסאַנט און עס איז געווען אָנגענעם זיך איבערצוציי̈גן, ווי דו ביזט צופרידן מיט דעם צושטאַנד פונם מיליטער, וואָס דו האָסט געזען. איך קען מיר פאָרשטעלן די באַגייסטערטע פרייד פון דיינע ניזשעגאָראָדצעס און פון די אַלע אַנ־דערע, וואָס זיינען דיר נאָכגעלאָפן—ס'איז מקוים געוואָרן זייער חלום צו זען דיך בשעת דער מלחמה.

אפשר וועסטו זיין אינדערהיים מיטוואָך? אַך, ווי דאָס וואָלט געווען גוט, נאָך דיינע דריי לאַנגע וואָכן. איך האָב מיך קיינמאָל נישט געשיידט אויף אַזוי לאַנג מיט מיין אַגו־גושקען—איצט זעט עס אויס אַ גאַנצע אייביקייט.

איצט, איידער איך וועל פאַרגעסן, באַדאַרף איך דיר איבערגעבן די פאָלגענדיקע בקשה פון אונזער פריינט, וואָס איז אים גורם געוואָרן דורך אַ נאַכטזעאונג. ער בעט דיך, דו זאָלסט באַפעלן, מען זאָל ביי ריגע אָנהייבן אַן אָנ־גריף. ער זאָגט, אַז דאָס איז נויטווענדיק, וואָרום אַז נישט וועלן די דייטשן זיך רעכט באַפעסטיקן דאָרט פאַרן ווינטער—נאָכדעם וועט מען דאַרפן פאַרגיסן אַ סך בלוט און אַ סך זאָרג וועט מען נעמען אויף זיך, ביז מען וועט זיי צווינגען אַוועק־צוגיין פון דאָרט. איצט וועלן מיר זיי טרעפן אומגעריכט און מיר וועלן זיי קענען צווינגען אָפּצוטרעטן. ער זאָגט, אַז דאָס איז איצט בפירוש דאָס סאַמע וויכטיקסטע, און ער בעט דיך, דו זאָלסט אונזערע ערנסט באַפעלן צו מאַכן אַן אָנגריף. ער זאָגט, אַז מ'ר קענען און דאַרפן אָנגרייפן און אַז איך זאָל דיר תיכף שרייבן וועגן דעם. נאָכדעם פון כוואָסטאָוון—ער זאָגט, אַז טרעפאָוו איז זייער קעגן דער רעוויזיע, וואָס דו האָסט איבערגעגעבן ניידגאַרדטן, און ער וויל נישט, אַז יענער זאָל זיך אַריינמישן אין זיינע ענינים, אָבער כוו(אָסטאָוו) בעט דיך, די זאָלסט זיך האַלטן ביי דיין באַפעל און ער האַלט זיך אויך ביי אים, וואָרום די וואוילדיינקענדיקע מענטשן אַפילו פון דער דומע־סביבה זיינען זייער צופרידן, מחמת זיי פאַרשטייען, אַז דאָס וועט ראַטעווען די לאַגע און וועט זייער אַ סך זאַכן אויפקלערן. כוואָסטאָוו האָט געלייענט וועגן דעם אַ באַגייסטערטע טעלעגראַ־

מע, דאָס וועט אָנרירן פאַרשיידענע קאָמיסיעס, אגב וועט עס אויך אויפדעקן גוטשקאָוון, און ס'איז משונע פון טרעפּאָוס זייט איינצעווענדן קעגן דעם. איך האָב אַ פּאַפּיר (אַ קאָפּיע) פון שאַכאָווסקאָיען, וועלכער בעט כוואָסטאָוון, ער זאָל אָננעמען ענערגישע מיטלען, אַנישט קען ער נישט גאַראַנטירן דעם רע־זולטאַט. טרעפּאָוו באַדאַרף גאָר זיין צופרידן—די פעלערן זיינען אים נישט נוגע, מחמת ער איז אַ נייער און אַרבעט אַליין מיט אַלע כּוחות. כוו(אָסטאָוו) מיינט, אַז עס וואָלט געווען זייער גלייך, ווען דו זאָלסט באַפעלן צו פאַרגרעסערן די באַלוינונג פון די אייזנבאַנער, ווי מען האָט עס געטאָן מיט די פּאָסט־באַאַמטע—דער רעזולטאַט איז געווען אַ גרויסע אומענדלעכע דאַנקבאַרקייט צו דיר; עס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן אַלע שטרייקן צוליב דעם, וואָס דו האָסט פּערזענלעך אַרויסגעוויזן דעמדאָזיקן חסד, איידער זיי האָבן באַוויזן צו בעטן וועגן אים. ער איז בכּיון היינט אין אָוונט געקומען צום מיטאָג, מיט אַניען און בעלעצק(ין), כּדי איך זאָל דיר קענען שרייבן פריער, ווי דו וועסט באַקומען מאָנטיק טרעפּאָווס באַריכט.

דער אַלטער*) וועט היינט קומען צו מיר, איך ווייס נישט צו וואָס. אַזאַ פּרעכטיקע זון. פאַרגעס נישט וועגן ריגע.

און איצט זיי געזונט, גאָט איז מיט דיר, מיין טייערער מאַן, איך האָב דיך ליב מיט דער גאַנצער נשמה.

אָן אַ שיער קושן פון דיין ווייב

אַליקס.

*) גאָרעמיקין.

